# דער יוד

# DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ. — 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Krakau, 18 Juli 1901. — נומר 29. — קראקויא, אב תרס״א.


| ה. תרס״א ← וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901 | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| די טעג פון חודש | וואך | אב, ליפיעץ-יולי | | נייער ס. יולי | אלט. ס. יולי |
| ה׳ | זונטאג | | | 21 | 8 |
| ו׳ | מאנטאג | | | 22 | 9 |
| ז׳ | דינסטאג | | | 23 | 10 |
| ח׳ | מיטוואך | | | 24 | 11 |
| ט׳ | דאנערס. | תשעה באב. | | 25 | 12 |
| י׳ | פרייטאג | | | 26 | 13 |
| י״א | שבת | פרשת ואתחנן. | | 27 | 14 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| ו | ה. שס״א | פערברענט עקרה״ש אין ליסאבאי 5 מענער און 12 פרויען. |
| „ | ה. תט״ז | האבען אמסטערדאמער רבנים מחרים געווען ברוך שפינוזה. |
| ז | ה. רנ״ב | פערברענט אין וואלענציא (שפאניען) 250 יורען עקדה״ש. |
| ט | ג. של״ח | חרוב געווארען בית ראשון. |
| „ | ג. תת״ל | „ „ בית שני. |
| „ | ג. תתפ״ב | צושטערט די פעסטונג ביתר. |
| „ | ה. רנ״ב | פערטריעבען אלע יודען פון שפאניען. |
| „ | ה. תרמ״ב | געקויפט געווארען די קאלאניע ראשון-לציון. |
| י | ה. ס״א | פערטריעבען די יודען פון פראנקרייך. |
| „ | ה. של״ט | געשטארבען ר׳ יוסף הנשיא הערצאג פון נאקסאס. |
| יא | ה. ת״ל | פערטריעבען די יודען פון וויען און עסטרייך. |

## אינהאלט.




צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין לאנדאן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין לאדז: ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodż, Cegielnianastr. 36.

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.


Żydowskie

ניי ערעפענטעם

## האטעל "РОССІЯ„ ווארשא

נאוואליפקי נר' 8

עלעגאנטע צימער פון 60 קאפ. און טייערער. בארעצימער, טעלעפאן, כשר'ה קיכע, קאנדיטעריי.

---

## וואונדערליך ביליג! א זעלטענער צופאל



עהרער אנצוקלאפען אויפ'ן טהיר א וויזיט קארטע איז גלייכער צו בעשטעלען פיר זיך פאר א גאנץ ביליגע פרייז א נעגראווירטע מעשענע בלעטעל, מיט נאמען און פאמיליע, פיין געארבעט, און בעדעקט מיט שווארצע עמאליע — די גרייס 17 סאנטים. × 6 סאנט. קאסט איבעראל 3 רו"כ און ביי מיר 1·15 מיט צושטעלען צו הויזע. די פרייזען פון מיינע קאאוטשוק-סטעמפלען זענען אויסער קאנקורענץ: ניקלירטעס שרייב גיצייג מיט א קאאוטשוק סטעמפעל מיט'ן נאמען און פאמיליע, סטעמפעל אויף ליאק מיט 2 בוכשטאבען, פעדער, בליישטיפט 75 ק. מיט פארטא, אהן פארטא 40 ק., די וואס בעשטעלען 5 שטיק מיט איין מאל צאלען מעהר נישט צו 50 קאפ. מיט פארטא. בעשטעלונגען, געגען האנד-געלר פר. נאכנאמע.

אדרעס: ווארשא רימארסקא 3, וועליקסאהן. — אגענטען ווערדען געזוכט!

---

## פולווער Aragac (אראגאק).

אויס קאווקאזער נעוויקסען, איין מיטעל צו פערטילגען פליגען, מאללען, קאראלוחעס, פליי און אנדערע ווערם.

פערקויף אין אלען אפאטהעק-מאגאזינען. פרייז 60 30 און 15 ק.

ווייל עס גיבט פילע געפעלשטע און נאכגעמאכטע, דאריבער זאל מען מערקען אויף דער עטיקעטע מיט איין בארג פון 2 שפיצען די אויפשריפטען: „די עטיקעטע איז בעשטעטיגט דורך דעם דעפארטאמענט פיר האנדעל און אינדוסטריע"

אויסשליסליכער פערקויף אויף פראווינץ פוילען אין דער אקציען-געזעלשאפט פיר חעמישע און אפאטהעקער אויסארבייטונגען פון

הענריק וועלט, ווארשא, פרזעיאזד 5, אייגענעם הויז. טעלעפאן נר' 1059.

---

## שפיגעל-פאבריק

## ל. אידעלזאק, ווארשא

רימארסקא נר' 10

עמפפעהלט זיין גראסעס לאגער פאן פערשיעדענע שפיגעל, שפיגעלגלאס, טרעמאשפיגעל או"וו.

פערקויף ענגרא עט דעטאיל.

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זארגאן, רוסיש אין דייטש. די מעטאדע איז ד בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. ניט זוימט און פרעגט אן ביי:

Варшава, Госпожѣ Бертѣ Найдичъ

---

כירורגישע היגעקאלאגישע

פריוואט-קליניק

פון

### ד"ר רייכשטיין און וואועלבערג.

אין ווארשא, לעשנא 31. די אנשטאלט געפינט זיך אין א גארטען. עס זענען דא שפעציעלע צימער פיר קימפעטארען (אהנע מעלדונג). פרייז פון 2 ביז 5 רו"כ. שטרענג כשר'ע קיך. אמבולאטאריום פון 10 ביז 12 אוהר.

---

ניי ערעפענטע אידישע קאנדיטאריי פון

### געברידער קאטליצקי,

ווארשא. נאוואליפקי 8.

(„האטעל ראססיא")

נעהמט אויף בעשטעלונגען אויף צוקער-געבעקס, קאנפעקטען, מאראזעננאע טארטען, צעקאלאדען, קרעמען א. ז. וו. אויף האכצייטען און בעלער היער און אויך אדרויסצושיקען אויף דער פראווינץ צו מעסיגע פרייזען.

---

Парижская папиросная бумага

## „Ле Дернiеръ Картушъ"

требовать исключительно гильз: а также папиросныхъ книжек изъ настоящей французской бумаги „Ле Дернiеръ Картушъ"

Бумажка эта признана Химич. Лаборатр. Варшав. Императ. Университета САМОЙ ЛУЧШЕЮ.

Образцы бумажки разныхъ сортовъ высылаетъ безплатно.

## ТОРГОВЫЙ ДОМЪ

## Д. ЗИЛБЕРЛЯСТЪ

въ ВАРШАВѢ

Граничная улица № 6

---

דאנטיסט

### בערלין-קרופיצקי, ווארשא

נאלעווקי נר' 7

ספעציאליטעט-קינסטליכע צעהנע קאראנען און בריקען ארבייט (אהנע גומען).

!!רעפערירט אין 2 שטונדען!!

---

## אויפמערקזאם!!!

איך לערען בריעפליך אויך פעריזענליך כעמישע ארטיקלען מיט וועלכע פון יעדער פון זיי קען מען פיין עקסעסטירען, פארערט גאנץ ווייניג קאפיטאל; אויך גיב איך איין אגענטורע פון א וויכטיג ארטיקעל, אייגענע פאבריקאציאן מיט זעהר גוטע קאנדיציעס.

אנטווארט מיט רעטור פאסט.

Варшава, И. Матузону, Дѣльная 18.

---

אומזיסט פראספעקט פון חעמישע וועשעריי און בעטפעדערן רייניגונג

М. Салямонъ Бѣлостокъ Никол. ул.

---

### מ. א. טאגער, פעטערבורג.

נעהמט אויף אויפטרעגע צו קויפען און פערקויפען פערשיעדענע וואארען און אויך פרישע פרוכטען.

אדרעס:

М. О. Тагеръ С. Петербургъ, Коломенская 23.

---

אונענטבעהרליך פיר יעדעס יורישעס הויז איזט דאס נייערשיענענע בוך:

## בית ישראל

מאראלשריפטען פיר דאס יודישע הויז.

יעדער פאמיליענפאטער, יעדע מוטער די איהר הויז נאך יורישער מאראל פיהרען וואלען און איהרע קינדער אים גייסטע רער וואהרען יודישען זיטענלעהרע ערציעהען מעכטען, זאלטען אונבעדינגט דיזע העכסטע ווערטפאלע שריפט לעזען.

די אויספיהרליכע פאפולערע בעהאנדלונג אין לייכטער אנגענעהמער יודיש-דייטשער שפראכע דער וויכטיגסטען פראגען ווי: זיטליכקייט, ליעבע, וואהלטהעטיגקייט, הויזפריעדען, פריינדשאפט און פיעלע אנדערע, מאכט דיעזעס מערקווירדיגע, אין אונזער ליטעראטור איינציג דאשטעהענדע בוך, פיר די וויטעסטען קרייזע דעם יורישען פובליקום אונענטבעהרליך און צוגענגליך, און זאלטע עס אין קיינעם אינטעליגענטען יודישען הויזע פעהלען.

פרייז 70 קאפ' מיט פארטא. פער נאכנאהמע 80 קאפ'.

Л. И. Гиршовичу, Варшава, Новолипки 27.

---

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת ג' מלים:

Я. Нейдичъ Варшава.

---

ספעציעל גראווער און חתימות גוט און ביליג פערפערטיגע

**М. А. СЛОБОДСКІЙ**

Варшава, Гусья 5.

איך שיק אייך פר. פאסטנאכנאהמע.

---

## !!מעבלירטע צימער!!

מוסטערהאפט זויבער און בעקוועם איינגעארדענט, אים פרייזע פון 50, 60, 75, 90, 1.25, 1.50 ביז 2 רו"כ א טאג. בארע-צימער (וואננעס), גאז-בעלייכטונג. רעעלע בעהאנדלונג און פינקטליכע בעדיענונג. מיטטאגע פריש און שמאקהאפטע פון 35 קאפ. אן. סאמאווארען א 10 קאפ.

ה. דווארעצקי, סט.-יערסקא נר' 34.

Меблированныя комнаты Х. М. Дворецкаго, Варшава Св. Георгія 34.

---

## אהוב את המלאכה

אלע סארטען שפיגעל - מאכען גרינדליך לערנט אויס דורך בריעפע

דער 25 יעהריגער פראקטיקאנט אין די שפיגעלפאבריקאציאן

**Юдка Вейнблятъ**

Варшава, Слизская 22.

---

מיין מאנופאקטור-דעטאיל-געשעפט פון פערשיעדענע מאסקויער און לאדזער וואלענע און בוימוואלענע ווי אויך ווייסווארען האבע פון 8-טען יולי איבערטראגען אויף דער דזיקא שטראסע נר' 9 עקע פאוויא, און עמפפעהלע מיינע געעהרטע קונדשאפט איין רייכעס לאגער און צו ביליגסטען פרייזען.

האכאכטונגספאל זעליג קרעמער, דזיקא 9 עקע פאוויא

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 29

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרלין —.5 רוביל.
האלב-יאהרלין —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

Krakau, 18 Juli 1901. נומער 29. קראקויא, אב תרס"א.

## יודישע פאבריקען.

דער שווערער האנדעלסקריזיס וואס איז די לעצטע פאר יאהר געוועזן אין פוילען, האט זיך שטארק אבגערופען אויף דעם שטאנד פון די פאבריקאציאן. ניט נור יודישע געשעפטען, נאר אויך יודישע פאבריקען האבען געפלאצט איינע נאך דער אנדערער, בעת די פוילישע פאבריקען זענען געבליבען אויסגעהיט פון די פורעניות'ען און האבען ארויסגעוויזען אין זיך מעהר קראפט אויסצוהאלטען די שווערע צייטען. צווישען די טעמים, מיט וועלכע מען האט געוואלט זיך ערקלערען אזא פאקט, האט מען געבראכט, אז די יודען זענען איבערהויפט ווייניג פעהיג צו פאבריקאציאן (די פוילישע אנטיסעמיטישע צייטונגען), אדער מען האט געזאגט, אז די יודען ארבייטען ניט רעעל און שטעלען זייערע פאבריקען אויף שווינדעל. דאס איז אבער אליין ניט אמת און ניט אין דעם דארף מען זוכען די סבה פון דער שוואכקייט, וועלכע האבען ארויסגעוויזען די יודיש-פוילישע פאבריקען אין די שלעכטע צייטען.

אין רוסיש פוילען זענען די יודען אין דער פאבריקאציאן שטארק פערטרעטען. אנ'ערך פון 30 פראצענט פאבריקען געפינען זיך אין יודישע הענד, און די יודישע ענערגיע זעהען מיר ארויס אין דעם, דאס מיר געפינען יודען אין אלע זייטען פון דער פאבריקאציאנסארבייט. אין קאלישער און פעטראקאווער גובערניעס פערנעהמען זיי זיך מיט מאניפאקטור, אין ראדאמער גובערניע זענען זיי שטארק פערטרעטען אין די פאבריקען פון אייזענגיסעריי און עמאילווערק, און אין קעלעצקער גובערניע געהערען כמעט אלע זענג-פאבריקען אדער טארטאקען צו יודען. אין פיעל ערטער פון רוסיש-פוילען זענען די יודען די ערשטע געוועזן, וועלכע האבען געגרינדעט פאבריקען און וועלכע האבען פיעל מיטגעהאלפען דעם אויפבליהען פון דער פאבריקאציאן אין לאנד. אזוי איז צום ביישפיעל אויפגעשטאנען די אייזענגיסעריי „פידאר" אין א גאנץ פערלאזענעם און פערווארפענעם ארט; אזוי איז א דאנק צוויי יודען אויסגעוואקסען אין קאנסק, וואו מען האט קיינמאל ניט געהערט דאס פייפען פון א מאשין, די גיסעריי „סלאוויאנין", וועלכע פערשאפט חיונה 200 ארבייטער. איין אנדער יוד האט אין דערזעלבער גובערניע געמאכט א ציגעלניע, וועלכע האלט אויס מיט ציגעל גאנץ דעמבראוונא.

פון דער גרויסער צאהל יודישע פאבריקען (אין קאנסקער אויעזד אליין געפינען זיך 9 יודישע אייזענגיסערייען, יודישע טארטאקען, אין קעלעצקער גובערניע געפינען זיך 16 א. ז. וו.) און פון דעם גוטען נאמען, וועלכע זייערע אויסארבייטונגען האבען אויף די מערק, קען מען דאך די יודען ניט בעשולדיגען, דאס זיי וועיזען ארויס צו ווייניג אונטערנעהמונגסגייסט אדער דאס זיי זענען ניט גענוג פעהיג צו פאבריקאציאן, — און דאך האבען די יודישע פאבריקען וועניגער קראפט, פאלען פיעל גיכער, ווי די קריסטליכע פאבריקען. פאר וואס איז דאס?

איטליכער וויים, אז קיין איינציג גרויסעס געשעפט קען ניט געפיהרט ווערען אהן קרעדיט, דערהויפט איז דער קרעדיט נייטהיג אין דער פאבריקאציאן, און דא, אין דער מעגליכקייט צו קריגען גרינג און ביליג קרעדיט, זעהען מיר דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען די יודישע און פוילישע פאבריקען אין פוילען. קיין פאלק פערשטעהט ניט אזוי גוט די וויכטיגקייט פון נאציאנאלער ארבייט ווי די פאליאקען, וועלכע אונטערשטיצען תמיד יעדע גייסטיגע און עקאנאמישע אונטערנעהמונג, וואס ווערט נאר געשאפען פון זייערע ברידער. די פוילישע פאבריקען קריגען דערום פיעל לייכטער ווי די יודען קרעדיט אין די קרעדיטגעזעלשאפטען, וועלכע זענען פארהאן אין יעדער גובערניע, זיי קריגען פיעל לייכטער קרעדיט אין די בענק, וועלכע געפונען זיך אין פוילישע הענד, זיי קריגען אויך אפט א גרויסען און ביליגען קרעדיט פון פערשידענע פוילישע פריוואטגעזעלשאפטען סיי אוים רוסלאנד, סיי אוים אויסלאנד, וועלכע זענען שוין פאר די יודישע פאבריקען אין גאנצען פערשלאסען. און דאס פעהלען פון קרעדיט פאר יודען איז די עיקר-סבה, פאר וואס די יודישע פאבריקאנטען האבען געמוזט אדער פערקלענערען זייער אויסארבייטונג אדער אין גאנצען צומאכען זייערע פאבריקען אין דערזעלבער צייט, ווען די פוילישע פאבריקען, א דאנק דער שטיצע און הילף פון זייערע ברידער, האבען אויך אין די שלעכטע צייטען געארבייט מיט דער געוועהנליכער ארדנונג און קראפט.

מען רעדט פון פערשידענע יודישע קלאסען, וועלכע געפינען זיך אלס יודען אין א בעזונדער שטעלונג, קיינעם איז אבער ניט איינגעפאלען, אז אויך די יודישע פאבריקאנטען שטעהען ניט גלייך מיט די קריסטליכע, און אז אויך יעדען פון זיי קומט אוים פיעל שווערער זיך דורכצושלאגען ווי דעם נישט יודען, און אז אויך זיי פערנעהמען אין זייער ארבייט דיזעלבע לאגע, ווי אנדערע קלאסען יודען אין זייער לעבען. אויך די יודישע פאבריקאנטען געפינען זיך אלס יודען אין א פיינדליכער סביבה און דערצו פעהלט זיי נאך אויך די הילף און אונטערשטיצונג פון זייערע ברידער, און עס איז דערום קיין וואונדער אז די יודישע פאבריקאנטען זענען

גלייך מיט אלע זייערע אָרימע ברידער די ערשטע כפרה־היהנדעל ביי יעדער שווערער צייט, ביי יעדען קריזיס.

מיר מיינען אָבער דערמיט ניט ארויסצורופען רחמנות צו אונז פּאַבריקאַנטען, נאָר מיר ווילען נור אויפווייזען, אַז עס איז דאָ אַ פּונקט, אין וועלכען די אינטערעסען פון די יודישע פּאַבריקאַנטען קענען זיך פעראייניגען מיט די אינטערעסען פון יודישען המון.

די יודישע פּאַבריקען פעהלט קרעדיט. אין דעם קען זיי פיעל בעהילפיג זיין די חברה יק"א, וואָס אונטערשטיצט אומעטום אין דער וועלט יעדע אַרבייט, וואָס קען נור פערבעסערען די ווירטשאַפטליכע זייט פון יודישען לעבען. יק"א קען שטיצען די יודישע פּאַבריקען, אָבער אַזוי אַז די שטיצע זאָל קענען ברענגען נוצען ניט נור די פּאַבריקאַנטען אליין, — דען צו דעם איז דאָך געוויס יק"א ניט בעשאַפען געוואָרען, — נאָר אויך די גרויסע יודישע מאַסען. יק"א דאַרף געבען די פּאַבריקאַנטען ביליגען קרעדיט, זי דאַרף מיטהעלפען ביי דער גרינדונג פון נייע פּאַבריקען, אָבער מיט דעם תנאי, אַז די געשטיצטע פּאַבריקען זאָלען האַלטען יודישע אַרבייטער. אין די איצטיגע יודישע פּאַבריקען אין פוילען איז די צאָהל פון יודישע אַרבייטער גאַנ'ץ קליין, די יודען נעהמען ניט גערן אויף די יודישע אַרבייטער, ווייל מען האָט פאַר זיך ניט קיין געניטע מאַסע, וועלכע איז ניט איינגעוועהנט צום פּאַבריקס־לעבען און צו דער פּאַבריקס־אַרבייט, אָבער עס איז אויסער יעדען ספק, אַז די יודישע מאַסע קען גרינג ערצויגען ווערען צו גוטע און פעהיגע אַרבייטער. דורך די אַרבייט פון יק"א אין דער דאָזיגער ריכטונג וואָלטען טויזענדער יודען, וואָס געהען אַרום ליידיג און שטאַרבען צעהן מאָל אַ טאָג פאַר הונגער, זיך ערוואָרבען איין עהרליכען און שענעם פערדינסט. וואָלט מען נור צוגעצויגען דעם יודישען המון צו דער פּאַבריקסאַרבייט, וואָלט מיט דעם גיך געקענט געפונען ווערען אַ וועג, ווי צו פערבעסערען די עקאָנאָמישע לאַגע פון אונזערע ברידער. אין דעם פונקט געהען די אינטערעסען פון די יודישע פּאַבריקאַנטען און פון דעם גרויסען אָרימען יודישען המון צוזאַמען — און דאָ קען יק"א האָבען פאַר זיך אַ גרויס און ניצליך פעלד פאַר איהר אַרבייט.

א פּאַבריקאַנט.

---

## פּאָליטישע איבערזיכט.

די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק אין עסטרייך.—דער פראַגער יום־טוב.—
די האַנדעלספּאָליטיק צווישען רוסלאַנד און אמעריקא. — ביולאָווס נסיעה קיין פעטערבורג. — האָהענלאָהעס טויט.

די שוויריגקייטען, וועלכע ליגען פאַר עסטרייך אין דער פערייניגונג פון פערשידענע פעלקער, טרעטען אַרויס פון דאָס ניי ביי יעדער געלעגענהייט. די נאַציאָנאַלע פראַגען קענען ניט פערשטיקט און ניט ענטשידען ווערען. אין דעם איצטיגען סעזאָן פון די פּאַרלאַמענטען (לאַנדטאַגען, סיימען) אין די איינצעלנע עסטרייכישע לענדער זענען אומעטום אויפגעוואָרפען געוואָרען נאַציאָנאַלע פראַגען, וועלכע וואַרטען מיט אונגעדולד אויף אַ גיכע תשובה. אין גאַליצישען לאַנדטאַג האָבען די רוסינען (זייער צאָהל איז גור עטוואָס ווייניגער פאַר די פּאָליאַקען) פערלאַנגט, אַז די לעקציעס אין לעמבערגער אוניווערזיטעט זאָלען געהאַלטען ווערען ניט נור אין פויליש, נאָר אויך אין זייער קליין־רוסישער שפּראַך, ווייטער האָבען זיי פערלאַנגט צו גרינדען רוסינישע פאָלקסשולען און מיטעלשולען; אין מעהרען האָבען געפאָדערט די טשעכען גרעסערע נאַציאָנאַלע

---

# פּעליעטאָן.

## דער באַנק־בילעט פון א מיל'אָן פונט.

פון מאַרק טווען.

(פאָרטזעטצונג).

עס האָט אַוַדאַי אַ גאַנצע מינוט געדויערט, ביז איך בין געקומען צו מיר און געוואוסט, וואָס טהוט זיך מיט מיר. דאָס ערשטע האָט זיך מיר אין אויג געוואָרפען דער בַּעַל־הַבַּיִת פון דער קראָם, וואָס איז געשטאַנען ווי פערשטיינערט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען אויף דעם באַנק־בילעט. עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט פאַר איבעראַשונג נישט אין שטאַנד געווען מיט איין אֵבר צו ריהרען. באַלד טאַקי אין דערזעלבער סעקונדע איז מיר איינגעפאַלען אַ וואוילע הַמְצָאָה, וואָס ביי מיין לאַגע איז עס געווען די איינציגע ריכטיגע זאַך, וואָס איך האָב געקענט טהון: איך האָב דעם באַנקבילעט דערלאַנגט דעם קרעמער אין דער האַנד אריין און געזאָגט מיט זעהר אַ זיכערען און מוטהיגען טאָן:

„בּיטע, גיט מיר רעשט".

מיינע ווערטער האָבען בערוהיגט דעם קרעמער, וואָס איז אויך געווען זעהר פערוואונדערט און צורידערט. ער האָט זיך גענומען ענטשולדיגען אַז ער איז נישט אין שטאַנד אויסבייטען דעם באַנקבילעט און קען איהם נישט נעהמען ביי מיר. נאָר אָנקוקען איהם און בעטראַכטען פון אַלע זייטען דאָס איז ער גאָר נישט מיעד געוואָרען, ער האָט זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקען. אָנריהרען אָבער מיט דער האַנד האָט ער מורא געהאַט, אַ שטייגער דאָס וואָלט געווען אַזאַ הייליגע זאַך, וואָס אַ פּראָסטער בָּשָׂר־וָדָם טאָר זי נישט אין דער האַנד אַריינגעהמען.

„איך האָב זעהר עֲגְמַת נֶפֶש, וואָס איך מוז אייך בעמיהען", ענטפער איך, "איך אָבער האָב גערעכענט, אַז איהר וועט מיר רעשט געבען, איך האָב קיין אַנדער געלד נישט ביי זיך".

„דאָס מאַכט נישט אויס", זאָגט ער, ער קען מיר באָרגען ביז צום אַנדערען מאָל. איך האָב איהם דערויף געזאָגט, אַז עס קען זיין, אַז דאָס וועט לאַנג געדויערען, ביז איך וועל איהם אָבגעבען זיין חוב; און ער פערזיכערט מיך נאָך אַמאָל, אַז איך ברויך מיך לְגַמְרֵי נישט צו קומערען וועגען דעם, אַז איך קען נעהמען, וואָס איך וויל ביי איהם צו יעדער צייט, און אויפהאַלטען איהם מיט'ן געלד, ווי לאַנג נור איך וויל. ער איז דאָך נישט אַזאַ נאַר, אַז ער זאָל אַזאַ רייכען מאַן, ווי איך, נישט געטרויען קיין חוב, בלויז דעריבער ווייל ער האָט זיך ערלויבט אַרויסצוגעהן אויף דער גאַס אין לייכטע קליידער, כדי צו זיין מיט אַלע גלייך אָנגעטהון. דערויף זענען עטליכע קונים אריינגעקומען, ער ווינקט צו מיר מיט'ן קאָפּ, איך זאָל דעם באַנקבילעט צוריק אַריינלעגען אין קעשענע. און אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען פון־געוועלב, האָט ער זיך צו מיר געניינט אַ פּאָר מאָל מיט גרויס כבוד און בעגלייט מיך ביז צו דער שוועל. איך האָב מיך צוגעאיילט צוריק צו דעם הויז פון די צוויי ברידער, צו זאָגען זיי וועגען דעם באַנקבילעט וואָס זיי האָבען אוודאי מיר עַל־פּי־טָעוּת דערלאַנגט. איך האָב מורא געהאַט, איך זאָל נישט אַריינפאַלען אין דער פּאָליציי'ס הענד, חאָטש בעשטראָפט צו ווערען האָב איך נישט קיין מורא געהאַט, נאָר איך קען אָבער גאַנץ גוט די וועלט און וויים, אַז ווען אַ מיליאָנער האָט געהאַט אַ טעות צו געבען אַ מיליאָן דאָלאַר אַנשטאָט איין דאָלאַר, וועט ער דעם כעס אויסלאָזען צו מיר, און נישט אויף זיך אַליין, וואָס האָט געמאַכט דעם טעות.

אַז איך בין צוגעקומען נאָהענט צום הויז, האָב איך מיך אַביסיל בערוהיגט, ווייל אַרום ביי'ם הויז איז געוועזען שטיל און רוהיג; מוז דאָך זיין, האָב איך געקלעהרט, אַז זיי ווייסען נאָך נישט פון דעם טעות. איך האָב אָנגעקלונגען. דער איינענער לאָקיי עפענט מיר די טיהר. איך האָב מיך געפרעגט וועגען די ביידע הערען.

„זיי זענען אַוועק", ענטפערט ער מיר מיט אַ הויכען, קאַלטען טאָן, ווי געוועהנליך אַ לאָקיי־טאָן ברויך צו זיין.

— אַוועק? וואו אַהין?

— אַוועקגעפאָהרען.

רעכטע אין די שולען, אין דאלמאציען איז ענטשטאנען איין סכסוך צווישען די איטאליענער מיט די סלאווישע קראאטען א. ז. וו. ווי ווייט עס געהען זיך פונאנדער די סלאווען און דייטשען אין זייער פאליטיק, זעהען מיר גענוג קלאר אין דער פראגע וועגען דעם דרייבונד. בעת די עסטרייכישע דייטשען האלטען זיך אלע פעסט פאר דעם בונד מיט דייטשלאנד, זוכען די עסטרייכישע סלאווען אויס שנאה צו די דייטשען אנדערע פריינד אין דעם סלאווישען רוסלאנד און אין דעם דייטשפיינדליכען פראנקרייך.

אין פראג, אין דער הויפטשטאדט פון בעהמען, איז געוועזען דאס פעסט פון די טשעכישע גימנאסטישע פעריינען. צו דעם פעסט זענען אנגעקומען פיעל געסט. צווישען זיי אויך די פערטרעטער פון פאריזער מאגיסטראט און איין רוסישער גענעראל. דעם יום טוב האבען די טשעכען איינגעריכטעט מיט גרוים גלאנץ און האבען איהם אויסגענוצט פאר איין אגיטאציאן נעגען דייטשלאנד און פאר די פריינדשאפט מיט רוסלאנד און פראנקרייך. די רעדע פון דעם רוסישען גענעראל, אין וועלכער ער האט אויפגעמונטערט די טשעכען צו זוכען זייער צוטרוי און הילף אין דעם גרויסען סלאווישען רוסלאנד, האט אנגעמאכט זעהר בייז בלוט ביי די דייטשען, וועלכע חדוש'ען זיך, ווי אזוי האט א רוסישער גענעראל זיך געקאנט ערלויבען אין א פרעמדער מדינה צו האלטען א רעדע נעגען די רעגירונג. פאר אונז איז נור וויכטיג דער פונקט, וואס ווייזט אונז ווי טיעף עס איז די שפאלטונג צווישען די דייטשע און סלאווישע פעלקער אין עסטרייך און ווי נייטהיג עס איז צו געפינען א וועג, וועלכער זאל געבען גענוג פרייהייט די נאציאנאלע געפיהלען פון די פערשידענע נאציאנען.

די איצטיגע פאליטיק איז איין האנדעלספאליטיק און דערום שפילען אין איהר איצט די האנדעלסקאנטראקטען א גרויסע ראלע. פיעל אויפזעהען מאכט די האנדעלס מלחמה, וואס איז איצט צווישען רוסלאנד און די פעריינינגטע שטאטען פון אמעריקא. ווי אונזערע לעזער איז בעקאנט, האבען די פעריינינגטע שטאטען געהעכערט די אבצאהלונג אויף רוסישען צוקער, ווייל זיי בעשולדיגען די רוסישע רעגירונג, דאס זי צאהלט די פאבריקאנטען ארויס א רובל מיט 75 קאפ. פאר יעדען פוד צוקער, וואס ווערט ארויסגעפיהרט קיין אויסלאנד, כדי דערמיט צו ערלייכטערען די קאנקורענץ. אויף די געהעכערטע אמעריקאנישע אבצאהלונגען האט רוסלאנד פון איהר זייט געהעכערט די אבצאהלונגען אויף אמעריקאנישע אייזען און מאשינען. אזא אבצאהלונגס־מלחמה שאדט דעם האנדעל פון דיביידע מלוכות, און זיי ביידע בעמיהען זיך ווי עס איז ווידער דורכצוקומען, עס ווערט דערום געפיהרט א קארעספאנדענץ צווישען די פינאנץ־מיניסטעריען פון די ביידע מלוכות, אין וועלכער יעדעס ווייזט אויף זיין גערעכטיגקייט. העדר וויטע האט ערקלערט, אז דער רובל מיט 75 קאפ ווערט ארויפגעלעגט אקציז אויף דעם צוקער, וואס ווערט פערקויפט אין רוסלאנד, דער ארויסגעפיהרטער צוקער ווערט פריי פון דעם אקציז און דער פאבריקאנט קריגט ניט פון דער רעגירונג צוריק מיט מזומן געלד דעם איינגעצאהלטען אקציז, נאר ער קריגט בלויז א שיין, נאך וועלכען עס ווערט פון דעם קומענדיגען אקציז אבגערעכענט די בעטרעפענדע סומע. דער רוסישער מיניסטער זעהט אין דעם ניט קיין שטיצע פאר דעם האנדעל מיט אויסלאנד, נאר אין דעם הויכען אקציז פאר דעם צוקער אין רוסלאנד זעהט ער בלויז א מיטעל צו שטיצען די צוקערפאבריקאציאן אין רוסלאנד, כדי עס זאל ניט צו פיעל פערגרע־

— מיט וועלכער באהן? אויף וועלכען וועג?

— עס דאבט זיך, פון ענגלאנד ארוים.

— פון ענגלאנד?

— יא.

— אבער זאגט, מיט וועלכען וועג?

— דאס קען איך אייך נישט זאגען.

— ווען קומען זיי צוריק?

— אין א חודש ארום, אזוי זאגען זיי.

— אין א חודש ארום! אח, דאס איז גאר שרעקליך! זאגט מיר דאך א שטאדט, וואו זיי וועלען זיך אויפהאלטען, איך זאל זיי קענען איין ווארט איבערגעבען. עס איז זעהר א וויכטיגע זאך.

— אין אמת אריין, אז איך קען נישט. איך ווייס נישט וואוהין זיי זענען געפאהרען.

— אזוי מוז איך מיט איינעם פון זייער פאמיליע זיך דורכרעדען.

— די פאמיליע איז שוין זייט זעקס חדשים אונטערוועגנס — אין מצרים, צי אין אינדיען זענען זיי איצט.

— הערט, דא איז א גרויסער טעות געשעהן. נאך היינט וועלען די הערען געוויס צוריקקומען, זאלט איהר זיי זאגען, אז איך בין דא נעוועזען, און וועל אזוי לאנג נעהן אהער, ביז די זאך וועט קומען אין ארדנונג. זאלען זיי זיין גאנץ רוהיג.

— איך וועל אזוי זאגען, אז זיי וועלען קומען. איך ערווארט זיי אבער נישט. זיי האבען מיר געזאגט, אז איהר וועט אין א שעה ארום נאך זייער אבפאהרען דא זיין, און אז ווען איהר וועט קומען, זאל איך אייך זאגען, אז אלץ איז אין ארדנונג, זיי וועלען שוין צו דער ריכטיגער צייט צוריק זיין און וועלען אייך אבווארטען.

איך מוז אלזא אוועקגעהן. א מין רעטעניש אהן בעשייד! מיר האט זיך געדאכט, אז איך וועל מיין פערשטאנד פטר'ען, קלעהרענדיג. „זיי וועלען צו דער רעכטער צייט צוריק זיין" וואס מיינט דאס דער פסוק? זעהט איהר! אין בריעף וועל איך אוודאי געפינען א בעשייד, איך האב געהאט פערגעסען וועגען איהם! איך האב ארויסגענומען דעם בריעף פון קעשענע און לעז אין איהם אזוי:

„פערשטענדיג און עהרליך זענט איהר, דאס זעהט מען אין אייער פנים אן. ווייטער פערשטעהען מיר, אז איהר זענט דא א פרעמדער און האט קיין געלד ביי זיך. בייליגענד ערהאלט איהר איין סומע געלד, וועלכע ווערט אייך פערליהען אהן פראצענט אויף א טערמין פון דרייסיג טאג. נאך דעם טערמין קומט צוריק אין דעם הויז אריין. איך האב מיך וועגען אייך געוועט. און אז איך וועל געווינען, בעקומט איהר די בעסטע שטעל וואס איך קען נור ביי מיר געבען. ד. ה. געוועהנליך א שטעל אין א געשעפט, וואס זאל אייך נישט פרעמד זיין און צו וועלכען איהר זאלט טויגען".

— קיין אונטערשריפט, קיין אדרעס, קיין דאטע. —

אט אזוי האב איך מיך געפונען אין זעהר א שווערער לאגע. דער לעזער מיינער ווייסט שוין אין וואס דא איז נעגאנגען, איך אבער האב דעמאלס נאך פון גאר נישט געוואוסט. פאר מיר איז דאס געוועזען א מין טיעפעס בעהאלטענעם רעטעניש. איך האב קיין בעגריף נישט געהאט, אין וואס דא האנדעלט זיך, צי מען וויל מיר שלעכטעס אדער גוטעס טהון דערמיט. איך האב מיך געזעצט אברוהען אויף א באנק און גענומען גוט איבערטראכטען די זאך און בעשליסען זיך וועגען דעם, וואס איך ברויך ווייטער צו טהון.

נאך א שעה זיצען און קלעהרען איז ביי מיר געבליבען אזוי: צי די צוויי הערען ווילען מיר גוטס טהון אדער שלעכטס, דאס איז א פראגע, אויף וועלכע איך קען נישט געפינען קיין ענטפער — איבער דעם ברויך איך רוהיג צו זיין און צוצוקוקען דאס גרייטע. געוויס האנדעלט זיך דא אין עפים א וויטץ, מען וויל עפים א שטיקיל אנטהון, עפים א זעלכעס, וואס איך קען אויף קלאר נישט וויסען — איבער דעם טאקי ברויך איך נאך אמאל רוהיג צו זיין. וועגען מיר האט מען זיך געוועט, אויף וואס פאר איין ארט, ווייס איך נישט — ברויך איך ווידער רוהיג צו זיין. און אז איך בין שוין געווארען פארטיג מיט די איבערקלעהרונגען, האב איך ערשט

סערט ווערען די פאַבריקאַציאָן און כדי עס זאָלען ניט געגרינדעט ווערען צו פיעל צוקערפאַבריקען.

פיעל וויכטיגער איז די פראַגע וועגען אַ האַנדעלסקאָנטראַקט צווישען רוסלאַנד און דייטשלאַנד. דאָ ווערען אָנגעריהרט פיעל טיעפער די האַנדעלסאינטערעסען פון פערשידענע קלאַסען אין די ביידע מלוכות. דער סכסוך צווישען רוסלאַנד און אַמעריקאַ איז אַ גענוג קלאָרעס צייכען, אַז אויב דייטשלאַנד וועט נור העכערען די אַבצאָהלונגען אויף געטריידע, וועט רוסלאַנד פון איהר זייט העכערען די אַבצאָהלונגען אויף דייטשע פאַבריקאַטען. הערר וויטע האָט דאָס אויך גאַנץ אָפען ארויסגעזאָגט אין זיינעם אַ ארטיקעל, וועלכער האָט אָנגעמאַכט גרויס אויפזעהען אין דייטשלאַנד. גראַף ביולאָוו הויבט אָן איינצוזעהן, אַז ער איז פערגאַנגען צו ווייט אין די הבטחות, וואָס ער האָט געגעבען די דייטשע פאמעשציקעס, און וויל געהן אַביסיל צוריק. ער פערשטעהט גאַנץ גוט, אַז די רעגירונג קען זיך איצט מעהר ניט אומקעהרען צו דער פריהערדיגער האַנדעלספאָליטיק פון ביסמאַרקען. די דייטשע פאַבריקאַציאָן איז אין די לעצטע 10 יאָהר צו שטאַרק געוואָרען, מען זאָל זיך קענען ניט רעכענען מיט איהרע בעדערפעונישען, מיט וועלכער עס זענען אויך פערבונדען די אינטערעסען פון מיליאָנען אַרבייטער. אויך די אויפרעגונג אין עסטרייך און איטאַליען איז זעהר שטאַרק געגען די העכערע אַבצאָהלונגען אויף פרעמדעס געטריידע, און דייטשלאַנד מוז זיך אויך רעכענען מיט דער פאָליטיק פון איהרע בעפריינדעטע מלוכות. צוגלייך אָבער וויל דאָך די דייטשע רעגירונג איינשטילען די פאמעשציקעס, אין וועלכע זי געפינט תמיד אַ שטיצע פאַר דעם טראָן, און דערום זוכט זי אַ פשרה, וועלכע זאָל קענען צופרידען שטעלען אי רוסלאַנד, אי איהרע גרויסע לאַנדבעזיצער. צו דעם צוועק פאָהרט אין גיכען גראַף ביולאָוו קיין פעטערבורג, כדי צוזאַמען מיט דעם רוסישען פינאַנץ־מיניסטער אויסצואַרבייטען אַ וועלכען ס'איז דרך, וועלכער זאָל מעגליך מאַכען די ערנייערונג פון דעם האַנדעלסקאָנטראַקט. די נסיעה פון דעם דייטשען קאַנצלער קיין פעטערבורג רעדט אַליין פאַר זיך און זי ווייזט, אַז אין דייטשלאַנד איז מען געניינט נאַכצוגעבען.

דער פריהערדיגער דייטשער קאַנצלער פירסט האָהענלאָהע איז פלוצלינג געשטאָרבען 83 יאָהר אַלט. ער איז געווען דער דריטער קאַנצלער פון דעם פעראייניגטען דייטשען קייזערטהום (דער ערשטער איז געווען ביסמאַרק, דערנאָך איז געווען קאַפּריווי). זיין הויכע שטעלע האָט ער פערנומען 4 יאָהר. דער פירסט איז שוין געווען צו אַלט און צו שוואַך, ער זאָל קענען שפּיעלען אַ וועלכע ס'איז ראָליע אין דער דייטשער פּאָליטיק, ער איז געווען זעהר אַ שלעכטער רעדנער און פלעגט אין פּאַרלאַמענט אַלעמאָל בלייבען גאָר אין גאַנצען אין שאָטען. מיט זיין ווענינ זעלבסשטענדיגער ראָליע האָט ער אָפּט געגעבען מאַטעריאַל פאַר די דייטשע וויצבלעטער. אָבער ניט שטענדיג איז דער פירסט געשטאַנען אין שאָטען, אין די פריהערדיגע יאָהרען האָט ער פערנומען אַ גאַנץ אַנדערע שטעלונג. ער איז לאַנגע צייט געווען ערשטער מיניסטער אין בייערן און דאָרט האָט ער קונה־שם געווען מיט זיין ליבעראַליזם און מיט זיין פּאָליטיק, אין וועלכער ער האָט שטענדיג זיך געסטאַרעט פאַר די איינהייט פון די דייטשע פעלקער. נאָך דער פראַנצויזישער מלחמה איז ער לאַנג געווען געזאַנדטער אין פּאַריז און האָט זיך תמיד בעמיהט צו שטילען די ברענענדע שנאה צווישען פראַנקרייך און דייטשלאַנד, דערנאָך איז ער ביז צו זיין קאַנצלערשטעלע געווען דער שטאַט־

גענומען טראַכטען, וואָס איך ברויך ווייטער צו טהון. איבערגעלעגט האָב איך מיר אַזוי: אַז איך זאָל געהן אין די ענגלישע רעגירונג'ס באַנק און בעטען, מען זאָל דעם באַנקבילעט שטעלען אויפ'ן רעכנונג פון די צוויי הערען, וועט מען עס אוודאי טהון, ווייל דאָרט קען מען אוודאי די צוויי הערען און מען ווייס, ווער עס האָט זיי געקויפט. נאָר מיך וועט מען דאָך געוויס פרעגען, ווי אַזוי דער באַנק־בילעט קומט צו מיר. וועל איך זאָגען דעם אמת, וועט מען מיך האַלטען פאַר משוגע און אַבשיקען אין דול־הויז אַריין! זאָל איך ווידער ליגען זאָגען, קען מען מיך אויף דער שטעל אַרעסטירען. דאָס אייגענע וועט געשעהן, אַז איך זאָל פרובען דעם באַנק־בילעט ערגיץ־אַנדערש אויסבייטען. איך מוז די שווערע לאַסט מיט מיר שלעפּען ביז יענע הערען וועלען צוריקקומען, צי איך וויל צי נישט. פאַר מיר האָט זי קיין שום ווערטה נישט, ווי אַ פולע האַנד אש, און דאָך מוז איך זי טראָגען און היטען, ווי איין אויג אין קאָפּ, בשעת ווען איך אַליין וועל מוזען געהן בעטלען, מיין לעבען צו דערהאַלטען. איך קען דעם מיליאָן אפילו קיינעם נישט אַוועקגעבען, איך זאָל וועלען, ווייל נישט נור קיין עהרליכער מענש, נאָר אפילו אַ קעשענע־גנב וועט עס נישט וועלען נעהמען אין דער האַנד אַריין, און וועט נישט וועלען האָבען דערמיט צו טהון. זיי, די צוויי ברידער קענען גאָר רוהיג שלאָפען — אפילו איך זאָל דעם באַנק־בילעט פערליערען אָדער פערברענען. ביי'ם ערשטען פאַל, ברויכען זיי נור אָנצוזאָגען, מען זאָל אויף דעם בילעט ניט צאָהלען. דער וואָס וועט איהם געפינען קען מיט איהם גאָר נישט מאַכען! אין צווייטען פאַל, בעצאָהלט זיי די באַנק צוריק די גאַנצע סומע. איך אָבער מוז אַ גאַנצען חדש אַרומשלעפען זיך מיט איהם — און קיין גראָשען געלד דערפאַר נישט צו קריגען, ביז איך וועל די וועט געווינען פאַר איינעם פון די ברידער, און איך וועל בעקומען די צוגעזאָגטע שטעל. אָ! וואָלט איך די שטעל געקריגען! אַזעלכע הערען קענען געבען שטעלען, נאָך וועלכע מען קען די פינגער לעקען.

און דער געדאַנק וועגען דער שטעל, וואָס וואַרט אויף מיר, געהט מיר גאָר נישט פון קאָפּ אַרויס אויף אַ מינוט. און די האָפנונג אויף שפּעטערע גוטע צייטען האָט מיך גאָר פריהליך געמאַכט. געוויס וועל איך בעקומען אַ גוטען געהאַלט אויף דער נייער שטעל, וואָס איך וועל אָננעהמען אין אַ חדש אַרום, און וועל ווידער אַ לייט ווערען. מיינע פריהליכע מחשבות האָבען גרינגער געמאַכט מיין געמיטה און איך האָב אַלץ מיך נאָך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסען. און אַז איך בין פאַרבייגעגאַנגען פאַר אַ מאַגאַזין פון פאַרטיגע קליידער, האָב איך שטאַרק חשק געקריגען אַראָבצוואַרפען פון זיך מיינע געמיינע בגדים און אָנטהון אַ שענעם נייען אַנצוג. קען איך מיר דאָס ערלויבען? ניין, ווייל איך האָב פערמאָגט אַ צעטעל אויף אַ מיליאָן פונד און מעהר גאָר נישט. דעריבער טאַקי האָב איך מיך צוגעאיילט גיכער דורכצוגעהן פאַר'ן מאַגאַזין. איך האָב מיך אָבער באַלד אָבגעשטעלט. מיך האָט זיך שטאַרק פערגליסט איין אַנצוג. זעקס מאָל אוודאי בין איך אַהין און צוריק געגאַנגען, צום סוף האָב איך מיך נישט געקענט איינהאַלטען, און בין אַריין אין מאַגאַזין, איך האָב געפרעגט, צי ס'איז נישט דאָ צו פערקויפען אַ פערשניטענער אַנצוג. דער דיענער, צו וועלכען איך האָב מיך געווענדעט, האָט מיר אָנגעוויזען מיט דער האַנד אויף איין אַנדערען, נישט רעדענדיג צו מיר קיין וואָרט. דער אַנדערער — אויפ'ן דריטען, ד ע ר ערשט האָט מיר געזאָגט:

„וואַרט אַ רגע!"

איך האָב געוואַרט אַ רגע; ער איז דערווייל פאַרטיג געוואָרען מיט זיין קונה, דערנאָך האָט ער מיך אַריינגעפיהרט אין אַ הינטער־צימער, וואו עס זענען געלעגען אַ סך פערשניטענע מלבושים; ער האָט פאַר מיר דעם ערגסטען אויסגעקליבען. איך האָב אָנגעמאָסטען. ער פּאַסט מיר אַפילו נישט, דערצו איז ער נישט געווען זעהר שען, נאָר דערפאַר איז ער געווען גאַנץ ניי און פאַר מיר דערווייל גאַנץ גוט. איך האָב וועגען דעם אַנצוג גאָר נישט צו רעדען, און איך האָב מיך אָנגערופען צו איהם מיט אַ ביסיל אַ ציטערנדיגען קול:

— איך וואָלט זעהר צופריעדען געווען אַז איהר וואָלט געקענט מיט דעם געלד וואַרטען אַפּאָר טאָג. איך האָב נישט ביי זיך קיין קליין געלד.

האַלטער (גענעראַל־גובערנאַטאָר) פֿון די איינגענומענע פֿראַנצויזישע מדינות עלזאַס און לאָטהרינגען, און אויך דאָרט האָט ער פֿערשטאַנען דורך זיין קלוגע און פֿאַרזיכטיגע פּאָליטיק שטאַרקער צוזאַמענצובינדען די דאָזיגע מדינות מיט דייטשלאַנד און אויסצולעשען די פֿיינדשאַפֿט צווישען די דאָרטיגע דייטשע און פֿראַנצויזישע איינוואָהנער.

י. ל.

---

# אַחַד־הָעָם און זַיינֶע אִידֶעֶן.

II.

נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך בעקאַנט געמאַכט מיט אחד־העמ׳ן, דעם בעקעמפֿער פֿון דער אסימילאַציאָן, וועלכער האָט אויפֿגעדעקט די עלענדע, אינערע קנעכטשאַפֿט פֿון אונזערע אייראָפּעאישע „גלייכ־בערעכטיגטע" ברידער, ווילען מיר איבערגעהן צו זיינע אייגענטליכע אידעען איבער דעם ציוניזם אדער „חִבַּת־ציון".

איז דער ציוניזם א תשובה אויף די עקאָנאָמישע פֿראַגע פֿון אונזער פֿאָלק?

„ניין!" ענטפֿערט אחד־העם. דער עקאָנאָמישער דרוק, וועלכען אַסך יודען ליידען אין פֿערשידענע לענדער, דאַרף בעטראַכטעט ווערען אַלס דאָס עלענד פֿון אַסך י ח י ד י ם און ניט אַלס נאַציאָנאַל־עלענד. מיר זענען מחויב צו העלפֿען אונזערע ברידער, וואָס הונגערן און דאַר־בען, אין קיין פֿאַל טאָרען מיר זיך ניט בענוצען מיט זייער הונגער צום צוועק פֿון פּראָפּאַגאַנדע פֿון דעם ציוניסטישען רעיון. צו די פֿון אונזערע אומגליקליכע ברידער, וואָס ווילען געהאָלפֿען ווערען דורך חבת ציון פֿון זייער אָרימקייט און נויט, מוזען מיר זאָגען: „ליעבט ניט ציון, דע די ליעבע צו ציון האָט נישט צו שאַפֿען מיט דער נויט פֿון א יחיד"; צו זיי מוזען מיר זאָגען: וויינט, אומגליקליכע, איבער די נייע צייט, איבער די השכלה פֿון געבילדעטען דור מיט איהרע אַלע „פֿראַגען" וואָס האָט אויסגעוואָרצעלט פֿון אונזערע הערצער אַלע גוטע מדות, די רחמנות, די ליעבע צו צדקה, די זאָרג פֿאַר טובת הַכְּלָל און טובת הַיָחִיד, מיט וועלכע אונזערע עלטערן האָבען זיך קוֹנֶה־שם געווען — דאָך מיר, אָרימעס פֿאָלק, מיט וואָס קענען מיר אייך העלפֿען? אָבער עס איז נאָך דאָ פֿיעל יודען, וואָס זייער לאַגע איז נאָך ניט אַזוי שלעכט, וואָס זיי ליעבען זייער פֿאָלק און זאָרגען פֿאַר איהם, און זיי, זעהענדיג ווי די מויער פֿון אונזער אחדות פֿאַלט איין, ווייל זי האָט ניט קיין פֿונדאַמענט, דען די רעליגיאָן איז שוין מעהר ניט אים שטאַנד צו פֿעראייניגען אַלע הערצער, און דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיהל ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַ־כער און באַלד וועט אויך דער לעצטער פֿונק פֿערלאָשען ווערען; זעהענ־דיג ווי אונזערע זיהן און טעכטער זענען איבערגעבען אַנדערע פֿעלקער און געהען אַוועק פֿון אונז איינציגווייז זיך מעהר ניט צוריקצוקעהרען— זעהענדיג דאָס אַלץ, פֿרעגען זיי איינער דעם אַנדערען מיט אַ צובראָכע־נעם האַרצען און אַ ניעדערגעשלאָגענעם געמיטה: צי איז דען ניטאָ קיין עצה און קיין מיטעל צוזאַמענצוזאַמלען אַלע פֿערוואָגעלטע, צו פֿעראייניגען אַלע צושטרייטע, צוריקצוקעהרען צו אונזער פֿאָלק זיין גייסט, וועלכער איז פֿון איהם אַוועקגעגאַנגען? צי איז דען ניט דאָ קיין רפֿואה צו אונזער קראַנקהייט, ווייל זי איז אַ קראַנקהייט מחמת אַלטקייט, און ביסליכווייז וועט אויך אָבגעריסען ווערען דער לעצטער פֿאָדעם פֿון אונזער לעבען מחמת שוואַכקייט? זיי און דוקא זיי ענטפֿערען מיר—

---

ער שעמט זיך גאָר נישט צו פֿערקרומען זיין פּנים מיט אַ גרויסען חוזק פֿון מיר און ענטפֿערט:

— אוודאי! איך האָב דאָס באַלד געוואוסט. אַזעלכע גרויסע לייט ווי איהר, האָבען קיינמאָל נישט ביי זיך קיין קליין געלד, נור באַנק־בילע־טען גרויסע. —

מיך האָט עס פֿערדראָסען און איך זאָג צו איהם:

— ליעבער פֿריינד, איהר זידעלט אַ מענשען, וואָס איהר קענט נישט. נישט שטענדיג קען מען דערקענען אַ מענש לויט ווי ער איז געקליי־דעט. אַז איך וויל, קען איך פֿאַר דעם אַנצוג בעצאָהלען באַלד. איך האָב אייך נור נישט געוואָלט מטריח זיין אַ גרויסען באַנק־בילעט אויסצובייטען.

דערויף ענדערט ער אַביסיל זיין איראָנישען טאָן און רעדט צו מיר אַלץ נאָך פֿון אויבען אַראָב:

— אייגענטליך האָב איך נישט אין זין געהאַט צו לערנען אייך דֶרֶךְ־אֶרֶץ, נאָר אַז איהר האָט מיך געלערנט, וועל איך אייך אויך זאָגען, אַז אייך האָט דאָס נאָר נישט געברויכט איינצופֿאַלען, אַז מיר זאָלען נישט קענען בייטען אַ באַנק־בילעט, וואָס איהר האָט ביי זיך. מיר קענען פֿון י עד ע ן געלד־צעטיל רעשט געבען.

— דאָס, זעהט איהר, איז עפּיס אַנדערש; אַזוי, ביטע, גיט רעשט.

און איך האָב איהם דערלאַנגט דעם באַנק־בילעט. ער נעמט צו, און אויף זיין פּנים האָט זיך צוגאָסען עפּיס אַזאַ מין געלעכטעריל, וואָס האָט פֿון זיין פּנים געמאַכט אַ גאַנצען באַרג קנייטשען שטרייכען, און בערגליך, ווי דאָס וואַסער, אַז מען האָט דערין אַ שטיין אַריינגעוואָרפֿען. נאָר קוים האָט ער דעם באַנק־בילעט גוט בעטראַכט, איז דאָס געלעכטער אויף זיין פּנים פּלוצלינג פֿערשטיינערט געוואָרען, און ער האָט אין גאַנצען אויסגעזעהן ווי אַ שטיק געגליווערטע לאַווע, וואָס מען געפֿינט ביי די פֿייערשפּייענדיגע בערג.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען זעה איך איצט ווי אַ פֿערשטיי־נערט געלעכטער בלייבט שטעהן אונפֿערענדערט אויף אַ פּנים. אַ לאַנגע צייט איז ער אַזוי געשטאַנען מיט דעם געלעכטער אויפֿ׳ן פּנים, נישט רע־דענדיג קיין וואָרט, ביז דער פּרינציפּאַל איז אַריינגעקומען זעהן, וואָס ס׳טהוט זיך דאָ.

— נו, וואָס איז? — פֿרעגט ער — צו שמאָל? צו ברייט?

— גאָר נישט, — ענטפֿער איך — איך וואַרט נור אויף מיין קליין געלד.

— נו, געט איהם רעשט, — זאָגט ער צום דיענער — גיכער!

— רעשט געבען! — רופֿט זיך אָן דער דיענער, וואָס האָט ערשט איצט ווי פֿון אַ חלום זיך אויפֿגעכאַפּט — גרינג צו זאָגען! קוקט נור אָן, פּרינציפּאַל!

דער פּרינציפּאַל וואַרפֿט אַ בליק אויף דעם פּאַפּיעריל, און האָט אָנגעהויבען צו פֿייפֿען מיט די צייהן שטיל נור מיט גרויס כַּוָנָה, ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו דעם באַרג אַנצוגען און האָט זיי גענומען איבערוואַרפֿען פֿון איין ווינקעל אין אַנדערען. זיין כעס האָט ער אויסגעגאָסען אין אַ רעדע צו זיך אַליין.

„אַזאַ גרויסען מיליאָנער זאָל מען געבען אַזאַ פּראָסטען אַנצוג! דער מענש מיינער איז אַ נאַר, אַ געבאָרענער נאַר! שטענדיג טהוט ער אַזוי. קוים קומט אַריין אַ מיליאָנער אין מאַגאַזין, טרייבט ער איהם אַרויס, ווייל ער קען נאָך ביז היינט נישט אונטערשיידען אַ מיליאָנער פֿון אַ בעטלער. אָט האָב איך, וואָס איך זוך, — זאָגט ער צו מיר, זייט אַזוי גוט, טהוט אויס די בגדים און מען וועט זיי אין פֿייער אַריינוואַרפֿען. זייט אַזוי גוט, מעסט אָן אָט דאָס פֿאָרהעמד און דעם אַנצוג. דאָס איז דאָס בעסטע און שענסטע; איינפֿאַך און גוט, אמת׳דיג פֿירשטליך, און דאָך נישט אויף אַ האָר פֿראַנטיש. דאָס האָט בעשטעלט איין אויסלענדישער פֿירסט, נאָר ער האָט עס נישט געקענט געברויכען, ער האָט געמוזט נעהמען גאָר אַ שוואַרצען אַנצוג, זיין מוטער ליגט קראַנק אויפֿ׳ן בעט און ער האָט זיך — געזעגנט זיך, אַז זי

און קיין אנדער תשובה איז ניט דא: ליעבט ציון!". אין דעמזועלבען זין האט זיך אחד־העם אויסגעדריקט, בעת די יודישע ליטעראטור איז געווען בעשעפטיגט מיט דער פ־אגע: וואהין זאלען יודען פאהרען: קיין אמעריקא אדער קיין ארץ ישראל? "אי אין אמעריקא אי אין ארץ ישראל", האט ער געענטפערט. "די עקאנאמישע זייט פון דער יודענפראגע דארף זוכען א תשובה אין אמעריקא, בעת די אידעעלע זייט, דאס בעדערפעניש אונז צו שאפען א בעשטימטען צענטר דורך דעם, וואס אסך פון אונזערע ברידער וועלען זיך בעזעצען אויף א בעשטימטען ארט צו בעארבייטען די ערד, כדי דאס יודישע פאלק און זיינע פיינד זאלען וויסען אז עס איז דא אנ'ארט אונטער'ן הימעל, וואו דער יוד טראגט הויך זיין קאפ ווי אלע מענשען גלייך, וואו ער ברייגנט ארויס, אין שוויים פון זיין פנים, ברויט פון דער ערד און וואו ער שאפט זיך אליין דורך זיין נאציאנאלען גייסט אליץ, וואס ער דארף האבען צו זיין לעבען, אט דאס דאזיגע בעדערפעניש, אויב עס איז דא א האפענונג אז עס זאל ערפילט ווערען, איז נור אין ארץ־ישראל". דאס וואס מיר רופען אן מיט'ן נאמען ציוניזם אדער "חבת ציון", איז נאך דער מיינונג פון אחד־העם, ניט קיין רפואה צו אונזער מאטעריעלער נויט, נאר צו אונזער גייסטיגען עלענד. די שכינה איז אין גלות! דאס יודענטהום שטארבט אב! דער יודישער גייסט, דאס הייסט, דאס וואס שטעמפעלט אונז פאר א פאלק און שיידט אונז אב פון אנדערע פעלקער, פערשווינדט ביסליכווייז פון אונז און מיר געהען אונטער אלס יודען, און דערום דארפען מיר האבען א "זיכערע און איין אייגענע היים" — פאר דעם יודישען גייסט, אדער דאס וואס אחד־העם רופט אן מיט'ן נאמען "גייסטיגער צענטר—מרכז רוחני" אזא גייסטיגער צענטר מוז געגרינדעט ווערען אין ארץ־ישראל. דארטען דארפען זיך צונויפקלויבען אונזערע בעסטע און געזינדעסטע כחות, אונזערע טרייעסטע און איבערגעבענסטע הערצער, הערצער וואס דאס אידעאל פון אויפלעבונג פונ'ם יודישען פאלק איז זייער לעבענסנערוו, און וואס האבען גענוג קראפט, זיך צו קענען מקריב זיין פאר דעם אידעאל. אזעלכע אידעאליסטען, וועלכע אחד־העם רופט זיי אן מיט'ן נאמען "כהנים", ווייל זיי דיענען דער פאלקס אידעע, און נור אזעלכע דארפען זיך בעזעצען אין ארץ ישראל, זיי מוזען אויפלעבען דאס אלטע טייערע לאנד דורך ערדארבייט. זיי מוזען גרינדען שולען און ערציהען א קערפערליך און מאראליש געזונדען נייעם דור וואס זיין מוטערשפראכע זאל זיין די אלטע אמת'ע יודישע שפראכע — העבראיש און וואס זאל האבען נאך דערצו אויך אלגעמיינע בילדונג; מיט איין ווארט — דער גייסטיגער צענטר דארף זיין אנ'ארט פון וואנען עס נעהט ארויס ליכט און לעבען פאר אלע יודען אין אלע לענדער. — אנ'אנדער טהייל פון די "כהנים", וועלכע קענען זיך ניט אליין בעזעצען אין גייסטיגען צענטר, מוזען זיך אבגעבען מיט אויפלעבען פון פאלק דא אין גלות, וואו עס איז דא פאר זיי זעהר פיעל ארבייט. דען די העכסטע מענשליכע געפיהלען, וואס לעבען אין דער ברוסט פון אלע לעבעדיגע פעלקער פון דער וועלט, זענען ביי יודען אבגעשטארבען, דאס יודישע הארץ איז בעדעקט מיט בערג שטויב פון טויטע אותיות און "שמות". עס טאר ניט פיהלען, עס טאר ניט קלאפען, סיידען ס'איז דערויף א היתר אין א סעיף פון "שלחן־ערוך" אדער "חיי־אדם". דו קומסט צוגעהן צו א יודען און רעדסט מיט איהם אין נאמען פון געפיהל, פון פערשטאנד, אז עס איז א יאמער, דאס א פאלק זאל לעבען אין קנעכטשאפט און שאנד, אין אונטערדריקונג און האס, דאס עס איז מחויב אליין צו זארגען פאר זיך

---

וועט שטארבען... אין אמת אריין, איז זי נישט געשטארבען. נאר דאס געהערט נישט צו דער זאך, נישט שטענדיג, נעהט עס, ווי מיר, דאס הייסט, ווי מען — יא! די הויזען פאסען וואויל, ליגען אויף אייך נאר גוט. יעצט דאס וועסטיל. א־הא, — וואויל! אט איז דער ראק, — מיין גאט, גיט נור א קוק, גרויסארטיג, וואונדערליך! דאס בעסטע, וואס איז ארום פון מיין געשעפט.

איך קען מיך נישט איינהאלטען, נישט אויסצודריקען מיין צופריעדענהייט. ער זאגט ווייטער:

— געוויס, געוויס. פאר א פארטיגען אנצוג איז עס גאנץ גענוג גוט דאס מוז איך אייך זאגען. נאר ווארט נור, וועט איהר זעהן, וואס פאר איין אנצוג מען וועט אייך אויפנעהמען פון א מאס. גיכער, אויט, דאס בוך און א פעדער, שנעל! זאגט ער צום מענש. ער האט גענומען איינשרייבען מיין מאס. און איידער נאך איך האב צייט געהאט א ווארט ארויסצורעדען, איז ער שוין מיט דער לענג, מיט דער ברייט און מיט אלע מאסען פון מיין גוף פארטיג געווען. איך זאג איהם:

— נאר, מיין בעסטער הערר, איך קען דאס אלץ נישט באלד בעשטעלען, או איהר וועט מיר נישט קענען ווארטען מיט'ן געלד איין אונבעשטימטע צייט, אדער דעם באנק־בילעט אויסבייטען.

— איין אונבעשטימטע צייט! דאס איז א נאר נישט. אויף עולמי עולמים זאגט! אויט, זעהט, גיכער דעם אנצוג פארטיג צו מאכען און אהיים שיקען דעם הערר מיליאנער אהיים. די קלענערע קונים קענען ווארטען, שרייבט איין דעם אדרעס פון דעם הערר מיליאנער.

— איך ציה מיך היינט איבער אויף א ניי וואהנונג, — זאג איך, — איך וועל קומען זאגען מיין נייעם אדרעס.

— זעהר גוט. זעהר גוט, א מינוט, ביטע, איך וועל אייך צו דער טיהר בעלייטען, דא — אהער געהט, איך האב די עהרע...

אזוי, פערשטעהט איהר, ברויך עס צו געשעהן מיט מיר און אזוי איז עס געווען. איך בין יעצט געווען אויפ'ן גלייכען וועג, איך האב אומעטום גאנץ פשוט געבעטען, וואס איך ברויך, און ביי'ם בעצאהלען האב איך דערלאנגט מיין בילעט און געבעטען רעשט. איידער ס'איז נאך א וואך דורכגעגאנגען האב איך געוואהנט אין עטליכע שטיבען פיין מעבלירט, מיט אלע מיני בעקוועמליכקייטען, אין איינעם פון די טהייערסטע האטעלען. צום פרישטיק האב איך יעדען טאג אויפגעזוכט ריזעלבע שפייז־קראם, וואו מיין באנק־בילעט האט מיר דאס ערשטע מאל נעהאלפען. דער סוחר פון דער קראם האט דורך מיר אנגעהויבען אלץ מעהר און מעהר צו לייזען. אומעטום האט מען געהערט דערפון, אז דער גרויסער מיליאנער, וואס טראגט אין וועסטיל קעשענע ביי זיך ארום מיליאנען, קויפט שפייז און קלייניקייטען ביי דעם סוחר. מן הסתם פערקויפט ער גוטע סחורה. אין א קורצע צייט איז פון דעם קליינעם ארימען געוועלביל, וואס האט ביז אהער קוים געקענט עקזיסטירען, געווארען א גרויס, הויך געשעפט, וואס איז א גאנצען טאג אנגעפאקט געווען מיט קונים. דער סוחר פאר גרויס דאנקבארקייט צו מיר האט מיר געבארגט איין חוב נאכ'ן אנדערען, אזוי אז איך האב שטענדיג געהאט גענוג געלד און געלעבט ווי א פירסט. אמת, אז מיר האט זיך געדאכט, אז דאס אלץ וועט זיך דאך סוף־כל־סוף ענדיגען און איך וועל מיך אבשטעלען, נאר פערפאלען איז עס געווען: איך בין שוין אזוי ווייט אריינגעשוואומען אין וואסער, וואס איך האב קיין אנדערע עצה נישט געהאט, חוץ ווייטער צו שווימען מיט'ן שטראם אדער אויף דער שטעל דערטרונקען צו ווערען. אז לעבען זאל זיין געלעבט. ביינאכט אבער בין איך נישט רוהיג געווען, דער געדאנק, אז אט וועט מיין סוד ענדעקט ווערען, און מען וועט געוואהר ווערען, אז איך אליין בין א גרויסער קבצן, וואס האב קיין פערמעגענס נישט אויף א גראשען, דער געדאנק האט מיך זעהר אונרוהיג געמאכט, איך האב נישט געקענט איינשלאפען און האב מיך א גאנצע נאכט ארומגעווארפען אויף מיין געלעגער. נאר קוים איז ליכטיג געווארען, קוים האט זיך אנגעהויבען דער רוישיגער פרעהליכער טאג האב איך מיין זארג אין גאנצען פערגעסען, דאס רייכע לעבען האט מיך שכור געמאכט, און מיך האט טויב געמאכט דאס גערויש פון גליק.

(פארטזעצונג קומט)

---

און ניט ווארטען ביז אנדערע וועלען אויף איהם רחמנות האבען און איהם שיינקען "רעכטע". "א גאנץ גוט", וועט ער אייך ענטפערן "אבער האט איהר דאריף א פסוק, א מאמר חז"ל, א היתר פון דעם רב, פון דעם צדיק ?" א, וואס פאר א שאנד! א היתר צו לעבען! א פסוק קיין קנעכט ניט צו זיין !

און דאס הארץ אויפצולעבען, צו ערוואַרמען, צו ערוועקען אין איהם געזונדע, מענשליכע געפיהלען— אט דאס איז די אויפגאבע פון די כהנים אדער, ריכטיגער, פון די קולטורציוניסטען. דער צוועק פון קולטור־ציוניזמוס איז : "אויפלעבען דאס פאלק !" ווען דאס פאלק וועט לעבענדיג ווערען און קענען פיהלען און טראכטען, ווי אלע פעלקער, דאן וועט עס שוין אליין דערגרייכען זיין פרייהייט און זעלבסט־שטענדיגקייט. די קולטורציוניסטען דארפען אנווענדען אלע זייערע מיה און קראפט צו ברייגגען דאס יודישע פאלק צום זעלבסטבעוואוסטזיין, צו פערברייטען צווישען איהם אלגעמיינע מענשליכע בילדונג צוזאמען מיט יודישען וויסען און צו מאכען די העברעישע שפראכע און העב־רעישע ליטעראטור פאר איין קנין פון דעם גאנצען פאלק. דאס זענען אונגעפעהר אחד־העם'ס פארדערונגען פון דער ציוניסטישער בעוועגונג און פון די ציוניסטען. עס פערשטעהט זיך אז אזעלכע געדאנקען שטימען זעהר וועניג מיט דער ווירקליכקייט און דערום איז זעהר לייכט צו פער־שטעהן ווי גרויס איז דער שמערץ פון אזא אידעאליסטען, זעהענדיג ווי זיין הייליגעס אידעאל ווערט בעהאנדעלט ווי א געמיינע סחורה אויף דעם מארק, וואס יעדער הענדלער און קרעמער בעטאפט זי און בעשמעקט זי, צו וויסען וויפיעל רוח זי קען איהם איינברינגען. אין אזא צושטאנד איז געווען דער ציוניסטישער רעיון מיט צעהן יאהר צוריק, אין דער צייט פון דער בהלה, אז אלע יודישע צייטונגען זענען געווען פערפלייצט מיט פלאנען און חשבונות, ווי מע קאן רייך און גליקליך ווערען אין "פאלעסטינע", וויפיעל "דונאם" ערד מע דארף קויפען, וויעפיעל וויינבוימער דערויף פלאנצען און וויפיעל מאס געלד זיי קענען איינטראגען. געלד ! רייכטום! אט דאס איז געווען די איינציגע פרושינע, וואס האט ארויסגערופען די שרעקליכע, פיעבערהאפטע דאמאלדיגע בעוועגונג, וועלכע האט אסך געבראכט דערצו, אז די טערקישע רעגירונג האט פערשלאסען די גרענ־צען פון פאלעסטינא פאר די יודישע עמיגראנטען. אין יענער טרויעריגער צייט איז אחד־העם געווען אין ארץ ישראל און געמוזט זעהן מיט איינע־נע אויגען ווי שרעקליך, ווי שענדליך דאס גרויסע אידעאל האט אויס־געזעהן, און דאן האט ער געשריבען יענעם ביטערען "אמת מארץ ישראל", וואס האט אין יענער צייט אנגעמאכט אזא רעש, און פון וועלכען מיר נעה־מען ארויס איינינע שטעלען, וואס קאנען אונז צוניטץ קומען אויך היינטיגען טאג:

"מיר פרעהען זיך, ווען מיר זעהען אין חוץ־לארץ, ווי דער פער־לאנג זיך צו בעזעצען אין ארץ ישראל ווערט אלץ שטארקער ביי אונ־זער פאלק. אזא שמחה וואלט געווען גערעכט נור אונטער צוויי תנאים: ווען פון איין זייט וואלט דאס פאלק געוואוסט דעם אמת'ן מצב פון דער זאך, ווען אלע וואס ווילען פאהרען קיין ארץ ישראל וואלטען געוואוסט פאראויס, וועלכע מכשולים זיי וועלען בעגעגנען אויף זייער וועג, די שווערע ארבייט, וואס זיי וועלען מוזען נעהמען אויף זיך, ביז די ערד וועט זיי געבען — ניט קיין עשירות — נור ברויט צו עסען, און אויב ביי אלעם דעם וואלטען זיי פון דעסטוועגען נאך געוואלט פאהרען, און מיר וואלטען געוואוסט זיכער, אז זיי האבען זיך ערנסט בעשלאסען צו טראגען אויף זיך דעם יאך פון דער ארבייט — דאן וואלטען מיר אויך געקאנט האפען, אז דאס רוב פון זיי וועלען אויך זיין אים שטאנד אויסצופיהרען וואס זיי האבען זיך אנגענומען ; — און פון דער אנדערער זייט, ווען אלץ וואלט געווען אנגעגרייטס צו אזא בעוועגונג, ווען מיר וואלטען געהאט אלע ידיעות, וואס זענען נייטהיג צו אזא גרויסער ארד־בייט, ווען מיר וואלטען געהאט מענשען, וואס זאלען שטעהן אן דער שפיץ פון אזא בעוועגונג און פעראייניגען אלע פעראיינצעלטע מאטע־ריאלען צו איין גאנצען קערפער וואס זיי זאלען פיהרען דאס פאלק און איהם ווייזען דעם ריכטיגען וועג, איהם היטען פאר איין בייז אויג, א שטן המשחית, און פאר פאלשע פריינד... אבער עס איז גענוג צו פערווייילען אין ארץ־ישראל א קורצע צייט, צו זעהען אז די ביידע תנאים פעהלען אונז נאך גאר אין גאנצען".

"זיי (די שרייבערס, וואס פערברייטען פאלשע בשורות פון ארץ ישראל) פיהלען, אז דער גרויסער המון איז זעהער ווייט פון ליעבע צו ציון און דער אמת אליין איז ניט גענוג צוצוציהען זיין הארץ און דערום ערלויבען זיי זיך ליגען צו זאגען לשם־שמים, צו לויבען דאס לאנד און איהרע פרות אהן א מאס, אזוי ווי עס וואלט ניט גענוג געווען דאס אונזער לאנד זאל זיין ווי אלע לענדער צו זעטיגען מיט ברויט יעדען, ווען מען בעארבעט עס פלייסיג און טריי, נאר עס מוז נאך ארויסברייג־גען פארטיגע בולקעס און זיידענע זופעצעס, פון זיך אליין, אהן ארבייט און מיה. דורך אזעלכע מיטלען איז עס זיי געלונגען צו ערוועקען די ליעבע, אבער ניט די ריינע ליעבע צו "ציון" און אויך ניט די ליעבע צו קערפערליכער ארבייט און צו א פשוט'ען און געזונטען לעבען פון א ערדארבייטער, נאר די ליעבע צו א נייעם "עסק" מיט וויינגארטענס, וועלכער גיט דעם בעזיצער, נאך זייערע רייד, א בעסערע הכנסה ווי רבית און נשך. אסך קרעמערס, מעקלערס און דערגלייכען האבען אויסגערע־כענט לויט די דאזיגע בשורות, אז דער "גרויסער רעיון" איז בעסער פאר אלע זייערע עסקים, ווייל ער גיט א גרויסען ריוח און פאדערט זעהר וועניג מיה, און אזוי איז אונזער הייליגעס לאנד געווארען צו א נייע קאליפארניען, וואס ציהט אויף זיך די אויגען פון יעדערען, וואס זוכט גרינגע עסקים און גיכע מיטלען רייך צו ווערען".

"ווער עס האט ניט געזעהן, ווי מען קויפט און פערקויפט איצט ערד אין ארץ ישראל, האט קיין מאל ניט געזעהן קיין מאיסע קאנקורענץ אין זיין לעבען. אלצדינג, וואס קומט פאר צווישען קרעמערס און קליינע מעקלערס אין די שטעדט פון "תחום", איז נור עהרליכקייט און יושר אין פערגלייך מיט דעם, וואס עס טהוט זיך איצט אין ארץ ישראל. בעת איך בין דארט געקומען, פאר דריי חדשים צוריק, זענען געווען נור צוויי חברות ספעקולאנטען, וואס קויפען ערד צו פערקויפען חלקים־ווייז, און שוין דאמאלס האבען מיר געזעהן, אז די ספעקולאציע וועט זיין א שטיין אויפ'ן וועג פון דער קאלאניזאציאן, און היינט האבען מיר עס! אין א קורצע צייט האבען זיך די ספעקולאנטען פערמעהרט אין א שרעק־ליכען אופן, און בעת איך בין אוועקגעפאהרען האב איך שוין דארטען געלאזען אזעלכע זעקס חברות, און אהן א ספק וועט וואקסען זייער צאהל נאך גרעסער; אחוץ דעם איז דא א גרויסע מחנה פון מעקלערס, צווישען זיי אויך שניידערס און שוסטערס, וואס האבען אוועקגעווארפען זייער ארבייט לכבוד דעם "מסחר", און אלע קאנקורירען איינער מיט דעם אנדערען, און בעמיהען זיך צו שאדען איינער דעם אנדערען אויף יעדען טריט. און מיט וועלכע מיטלען זיי בעדיענען זיך ! יעדער שווינדעל, יעדע פאלשקייט און נידריגקייט איז כשר אין זייערע אויגען: זיי קרי־גען דורך שוחד פרעמדע בריעף און טעלעגראמעס, האלטען שפיאנען

וואָס געהען אַרום אויסצופּאַרשען, וואָס זייערע נעגנער טהוען און וואָס די קונים רעכענען צו טהון, אָבער מעהר ווי אַלץ יאָגען זיי די מקחים פון דער ערד אין אַ שרעקליכען אופן און גיבען איין שכל די אַראַבישע פּערקויפער"...

‚זאָל איך אַזוי הערען נחמה, ווי איך האָב געהערט, ווי איינער פון זיי האָט געזאָגט מיט'ן פולען מויל: איך בין מעהר ניט ווי אַ סוחר און עס קימערט מיך ניט, וואָס מיט מיין סחורה וועט זיך אויסלאָזען, אָדער וואָס פון די קויפערס וועט ווערען. אויב עס וועט זיי ניט גליקען זאָלען זיי געהן פון וואַנען זיי זענען געקומען, אָדער זאָלען זיי געהן צו אַלע שוואַרץ יאָהר — וואָס קימער איך מיך מיט זיי?"

‚און אין אַזעלכע הענד איז איצט אַבגעגעבען די קאָלאָניזאַציאָן! אפילו דאָס העכסטע אידעאַל וואָלט געקאָנט אַבשטויסען פון זיך אַלע אָרענטליכע מענשען, אַז אַזעלכע הענד רייבען זיך אַרום איהם!"

אָט דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דער פּראָפּאַגאַנדע אין נאָמען פון הונגעריגען מאַגען, אין נאָמען פון די ליידיגע קעשענעס! אַזאַ מאוסע אָבשטויסענדע פאָרם האָט דער גרויסער, ערהאָבענער רעיון אָנגענומען! אַנדערע פּעלקער פערגיסען זייער בלוט פאַר זייער פרייהייט, און מיר זענען געקומען אין אונזער אַלטעס לאַנד ספּעקולירען, קאָנקורירען, סחר־מכר טרייבען — אומגליקליכעס פאָלק!

‚פול פון טרויעריגע געדאַנקען"— אַזוי ענדיגט אחד־העם זיין אַרטיקעל ‚אמת מארץ ישראל' — ‚נאָכדעם ווי איך האָב בעזוכט דאָס לאַנד און זיך אַנגעזעהן דאָס לעבען אין יפו און אין די קאָלאָניעס, בין איך געקומען ערב פסח אין ירושלים, אויסצוגיסען מיין שמערץ און מיין לייד פאַר דאָס ‚האָליץ און די שטיינער"— דער איינציגער רעשט פון אונזער טייערען פראַכט פּאַרציימען. מיין ערשטער גאַנג איז געווען פערשטעהט זיך, צום ‚כותל מערבי'. דאָרטען האָב איך געפונען אסך פון אונזערע ברידער איינוואהנער פון ירושלים וואָס זענען געשטאַנען און געדאַווענט בקולי קולות. זייערע דאַרע פּנימער, זייערע משונה'דיגע תנועות און משונה'דיגע קליידער — דאָס אַלץ האָט האַרמאָנירט מיט דעם שרעקליכען אויסזעהען פון דער וואַנד. און איך בין געשטאַנען און געקוקט אויף זיי און אויף די וואַנד און איין געדאַנקען האָט ערפילט מיין גאַנצעס הארץ: אָט די שטיינער זענען עדות אויף דעם חורבן פון אונזער לאַנד, און די דאָזיגע מענשען — אויף דעם חורבן פון אונזער פאָלק; וועלכער פון ביידע חרבנות איז גרעסער? אַז אַ לאַנד ווערט חרב און דאָס פאָלק איז נאָך פול לעבען און קראַפט, שטעהען אויף זרובבל, עזרא, נחמיה און נאָך זיי דאָס פאָלק אַליין און זיי בויען עס ווידער אויף; אָבער אַז אַ פאָלק ווערט חרב, ווער וועט איהם ביישטעהן און פון וואַנען וועט קומען זיין הילף?"

אַז אַ פאָלק ווערט חרב!

אָבער צום גליק איז אונזער פאָלק נאָך ניט חרב געוואָרען אין גאַנצען. אונזער פאָלק לעבט נאָך, עס ליגען נאָך אין איהם פערבאָרגען פיעל געזונדע כחות, און כל זמן דער פונק פון אידעאַליזם איז נאָך ביי אונז ניט אויסגעלאָשען געוואָרען, קענען מיר זיכער זאָגען: ‚עוד לא אָבְדָה תִקְוָתֵנוּ'.

Ben-Nerio.

---

## יודישער דַלות אין אָדֶעס.

(איינדריקע און בעאָבאַכטונגען).

I.

די יודישע אָרימקייט אין אָדעס איז שרעקליך גרויס און וואָס ווייטער פערגרעסערט זי זיך אַלץ מעהר און מעהר. די אָרימקייט ליגט ניט מעהר נור אין די ענגע פינסטערע קעלערן, זי האָפּט זיך שוין אַרויף אויך אין די אויבערסטע עטאַושען, צו די תקיפה לייט, און מאַכט שוין בעקאַנטשאַפט מיט בעל־בתי'שע מענשען אויך...

אין די לעצטע יאָהרען איז דער מסחר אין אָדעס זעהר נידערגעשלאָגען. דער הויפּט־אַרטיקעל פון אָדעסער יודישען מסחר, ווי ס'איז בעוואוסט, איז געווען תבואה. מיליאָנען פוד פּלעגט יעהרליך אַרויסגעשיקט ווערען דורך אָדעסער פּאָרט קיין אויסלאַנד. אָבער ווענען דער נישטגעראָטענקייט פון די פעלדער, וועלכע דויערט שוין איינינע יאָהר אין דרום רוסלאַנד און צוליעב אַנדערע סבות, וועלכע האָבען פיעל פערקלענערט דעם אַרויס־פיהר פון אָדעס *), איז דער האַנדעל שרעקליך געפאַלען, — און טויזענדער יודען (קליינינקע סוחרים, משרתים, אַרבייטער, בעלי־מלאכות), וועלכע האָבען געלעבט אַרום ברויט־געשעפט, זענען געבליבען אָהן פרנסה און בעשעפטיגונג. דער תבואה־קריזיס האָט געווירקט שלעכט אויך אויף די איבריגע געשעפטען און האָט זיך שלעכט אָבגערופען אויך אויף דער פאַבריקאַציאָן—און אומעטום איז געוואָרען טויט־שטיל, נישטאָ קיין פּדיון, נישטאָ קיין פערדיענסט; נישטאָ קיין אַרבייט, נישטאָ קיין חיונה.

אין די לעצטע 20-25 יאָהר' זענען צוזאַמענגעפאָהרען אין אָדעס פון די יודישע גובערניעס (דערהויפּט פון קיעווער, פּאָדאָלער, וואָלינער, ווילנער, מאָהליווער) טויזענדער יודישע פאַמיליען, אָדעס האָט געהאַט אַ שם פון אַ רייכער פרנסה־שטאָדט, וואו מען פערדיענט גרינג און מען לעבט גוט. דער ביטערער דלות פון דער ביידנער ליטאַ אָדער פון פּעראָרימטען וואָלין האָט שוין גוט דערעסען און אָנגעוועהטיגט — און מען האָט זיך געלאָזען אין די רייכע, לעבהאַפטע, געשעפטפאָלע אָדעס זוכען אַ נייעס גליק, אַ בעסערעס לעבען... געוועהנטליך קיין נייע געשעפטען און מלאכות זענען ניט בעשאַפען געוואָרען פאַר די נייע איינוואָהנער. און דער נייער עולם האָט זיך גענומען פאַר די אַלטע געשעפטען און מלאכות—קרעמעריי, שוסטעריי, שניידעריי, טרעגעריי, און ד.ג. די גרויסע קאָנקורענץ, וועלכע איז ענטשטאַנען אין אַלע פאַכען פון געשעפט און אַרבייט, האָט געמאַכט אימה'דיג קליין און בילינ דעם פערדיענסט, דעם אַרבייט־געצאָהלט, און אָהן ברויט, און אָהן חיות זענען געבליבען, ווי די אַלטע אַזוי די נייע איינוואָהנער.

און דער האַנדעל־קריזיס צוזאַמען מיט דער שרעקליכער אינערליכער קאָנקורענץ האָבען געבראַכט צעהנדליגע טויזענדער יידען אין אָדעס צו זעהר אַ פּעראָרימ'טער לאַגע.

אויפ'ן ערשטען קוק זעהט אָדעס אויס אַ רייכע, שענע, און געבילדעטע שטאָדט. אין אמת'ן, אַז מען זאָל זיך גוט צוקוקען, איז דאָס גאָר אַ היפך. נור דער מיטעל־שטאָדט, דער צענטער, גלאַנצט און שיינט מיט רייכע געשעפטען, מיט שענע געביידען, מיט גימנאַזיעס און פערשידענע שולען. אָבער די זייטיגע, פערוואָרפענע גאַסען, די פּאָרשטעדטליך, ווי למשל מאָלדאַוואַנקע, פּערסיפּ און סלאָבאָדקע, וואו עס ויצט דער אָדעסער דלות, זענען שרעקליך אָרים, אָבגעלאָזען און פערפּינסטערט. שטויבינע, בלאָטינע גאַסען, אָרימע, נידריגע הייזער, נאַסע, ענגע און פינסטערע דירות, קליינע, שמוציגע קרעמליך... הונדערטער קינדער וואַלגערן זיך אויף די גאַסען, קייקלען זיך אין מיסט און אין זאמד און נישטאָ פאַר זיי קיין שולען. טויזענדער מענשען אונוויסענדע, הונגעריגע, אומגליקליכע, אַרום און אַרום — נור אָרימקייט, דחקות, אונוויסענשאַפט, פינסטערנים און קראַנקהייטען...

דער גרעסטער טהייל פון אָדעסער אָרימקייט פאַלט אויף די יודישע איינוואָהנער. די צאָהל פון יודישע אָרימע אין אָדעס, נאָך דעם פּראַצענטען־פערהעלטניס, איז פיעל גרעסער ווי פון קריסטליכע אָרימע. און חוץ דעם די אָרימקייט אַליין איז ביי דעם יודען — איבער פיעל סבות — גרעסער, און שרעקליכער ווי ביי דעם ניט־יודען. אין אָדעס געפינען זיך יודען אַנ'ערך פון הונדערט פופציג טויזענד, און אַ דריטעל פון זיי, ווי מיר וועלען שפּעטער זעהן, ביז 50 טויזענד, קומען אָן צו חברות פון צדקה. היינט וויפיעל זענען נאָך דאָ אביונים — בעלי־גאוה'ס וואָס פאַר קיין פאָל

---

*) אין 1898 יאָהר האָט מען אַרויסגעפיהרט 94 מיליאָן פוד, אין 1899 56 מיליאָן פוד, אין 1900 נור 46 מיליאָן.

וועלען זיך ניט מְבַיֵש זיין אָנצוקומען צו נדבות און מענשען־נאָב. און וויפיעל זענען דאָ אזעלכע אָרימע, וואָס נעהמען ניט פון די צדקה־קאָמיטעטען, ווייל מען ניט זעהר וועניג, אַז דער בזיון, ווי זיי זאָגען, איז גרעסער ווי די הילף. דערצו קען מען נאָך צורעכענען געפאַלענע בעלי־בתים, סוחרים, וואָס „נעכטען" האָבען נאָך אַ ראָלע געשפּילט, און „היינט" זיצען זיי אָהן ברויט און לעבען דערפון, וואָס גוטע ברידער—בעקאַנטע העלפען אויס. מיט איין וואָרט, יודישע אביונים אין אָדעס איז פאַרהאַן געוויס פון 60 ביז 70 טויזענד מענשען...

די שרעקליך גרויסע צאָהל פון יודישע אָרימע אין אָדעס האָט מען ניט לאַנג ערוואוסט. קיינער האָט פריהער גאָר ניט משער געווען, אַז אין דער רייכער געשעפט־שטאָדט אָדעס זאָל זיין אַזוי פיעל יודישע פּראָלעטאריער און דערצו נאָך אין אַזאַ ביטערער, אומגליקליכער לאַגע. אין אָדעס איז פאַרהאַן פיעל בתי־צדקה און חברות, וועלכע האָבען צו טהון מיט די אָרימע. אָבער ווי עס איז זיך אומעטום נוהג, די אַלע חברות גיבען דאַן, אַז מען מאָנט, מע פאָדערט, אַז דער אָרימאַן קומט צו זיי, בעאונרוהיגט „דאקוצעט" – אָבער זוכען דעם אָרימאַן, זעהן ווי ער לעבט, ווי ער פּייניגט זיך, געהן צו איהם זעהן ווי ער וויינט, ווי ער ווערט פערחושך'ט אין פּאָדוואַל און פון וואָס ער האָט זיין ביטערע חיונה, דאָס האָט נאָך קיין חברה ניט געטהון. און די צאָהל פון די אָרימע און זייער ריכטיגען צושטאַנד האָט מען ניט געקענט וויסען.

אָבער אין די לעצטע צוויי יאָהר איז אין דער הינזיכט אַ קליינע פּראָבע געמאַכט געוואָרען, וועלכע עס האָט געבראַכט צו גרויסע רעזולטאַטען.

צווישען אַנדערע יודישע חברות איז פאַרהאַן אין אָדעס אַ יונגע חברה, וועלכע הייסט „די קאָמיסיע צו שטיצען יודישע אָרימע אין אָדעס". דער עיקר־צוועק פון דער חברה איז צו געבען יודישע אביונים קוילען ווינטער און מצה אויף פסח. מיטלען דערויף האָט זי ביז 25 טויזענד רובל אַ יאָהר פון קאַראָבקע־געלד און פּריוואַט־נדבות. די נוטצען, וועלכע די קאָמיסיע ברייננט, זענען באמת ניט גרעסער פון די איבריגע חברות. סך־הכל, וואָס זי קען געבען אַ אָרימאַן — איז אַ 3-4 פוד קוילען אויף אַ גאַנצען ווינטער און אַ 20—30 פונט מצות אויף אַ גאַנצען פסח. זעלבסט פערשטענדליך אַז אַזאַ הילף איז גאָר קיין הילף נישט, און לאָ די וואָס זי פערגרינגערט ניט די שלעכטע לאַגע פון אָרימאַן, פערגרעסערט זי נאָך זיין צער, זיינע וואונדען... ער זעהט וואָס ווייטער, אַז ס'איז ניטאָ קיין הילף און ניטאָ קיין האָפענונג... בכלל די אַלע חברות צוזאַמען און איבערהויפּט נדבות זענען נישט אומשטאַנד צו ענדערען אָדער צו פערגרינגערען די שלעכטע עקאָנאָמישע לאַגע. נאָר איין זאַך זעהר אַ גרויסע און אַ וויכטיגע האָט איינגעפיהרט די דאָזיגע חברה, וואָס ברייננט שוין און וועט ברייננען שפּעטער גרויסע נוטצען. די חברה פיהרט אַ סטאַטיסטיק פון יודישער אָרימקייט אין אָדעס, פערצייכענט, וויפיעל אָרימע זענען דאָ, וועלכע בעלי־מלאכות אָדער ארבייטער זיי זענען, ווי גרויס זייער פערדיענסט איז, צי קענען זיי שרייבען און לעזען א. ד. ג. — צו דעם צוועק האָט די קאָמיסיע איינגעלאַדען ביז 50 יונגע לייט, וועלכע רופען זיך „קאָנטראָלאָרען" (40 פון זיי זענען סטודענטען), צוטהיילט די שטאָדט אויף 56 אוטשאַסטקעס, אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פון די פראַגען, וועלכע מען האָט פאָרצולייגען די אָרימע, און אַ בעשטימטען סדר, וואָס און ווי צו פערשרייבען. פון אָנהויב האָט די קאָמיסיע געמיינט דערמיט צו דערגרייכען די פּעולה, אַז נור אמת'ע ווירקליכע אָרימע, וועלכע די „קאָנטראָלאָרען" וועלען פערצייכענען, זאָלען בעקומען הילף און אונטערשטיצונג פון דער קאָמיסיע. אָבער די יונגע לייט, וועלכע האָבען זיך מיט גרויס חשק און מיט פיעל ענערגיע גענומען פאַר די שווערע ארבייט, האָבען געקוקט אויף די סטאַטיסטיק ווי אויף אַ עיקר־זאַך און האָבען פיעל קרעפטען און מיה געלעגט, אַז די זאַך זאָל גוט אויסגעאַרבעט ווערען. מען האָט מיטגעגעבען יעדען קאָנטראָליאָר אָבגעדרוקטע בויגענס פּאַפּיר מיט פאָלגענדע איינטהיילונגען: 1) דער נאָמען און פאַמיליע; 2) אין וועלכען עטאַזש; 3) וויפיעל צימערען; 4) ווי פיעל אייוועגם; 5) אַ ליכטיגע אָדער אַ פינסטערע דירה; 6) אַ טרוקענע אָדער אַ נאַסע; 7) וויפיעל דירה־געלד אַ חדש; 8) פון וועלכער גובערניע; 9) וויפיעל יאָהר אין אָדעס; 10) וויפיעל נפשות; 11) די בעשעפטיגונג; 12) ווי גרויס דער פערדיענסט איז; 13) וויפיעל קינדער ארבייטען ביי יענעם; 14) ווי פיעל מענשען אין שטוב קענען לייענען און שרייבען רוסיש *); 15) פערשידענע בעמערקונגען.

די קאָנטראָליאָרען האָבען זיך אַוועקגעלאָזען אין אַלע פּאָדוואַלען, פינסטערע ווינקלען און פערוואָרפענע געסליך, נאָר וואו עס זיצט אַ יודישער קבצן. די ערשטע צייט זענען מיר ערשטוינט געוואָרען פון די שרעקליכע בילדער פון אָרימקייט, הונגער, קעלט, ענגשאַפט און קראַנקהייטען, וואָס מיר האָבען געזעהן. קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז אין אָדעס זאָל זיין אַזאַ גרויסער, אומגליקליכער, אויסגעהונגערטער יודישער פּראָלעטאַריאַט. מעהר ווי 35 טויזענד מענשען האָבען מיר פערשריעבען אין נאָוועמבער 1900 יאָהר אויף קוילען צו געבען און אין פעברואַר 1901 יאָהר מעהר ווי 50 טויזענד אויף מצות **)... היינט אין וואָס פאַר אָרימקייט זיי זענען, וואָס פאַר צרות, יסורים לעבען זיי איבער אין זייערע פינסטערע דירות פון טאָג צו טאָג! עס איז אונז אויסגעקומען צו זעהן, ווי מען זיצט שוין 2-3 טעג אָהן ברויט, אין הונגער, ווי מען לעבט אין דחקות, אין ענגשאַפט, אָפט 3 גרויסע געזונטע אין איין קליין צימעריל, אָהן לופט, ליכט און שיין, די דירות זענען שלעכטע, קליינע, פינסטערע, נאַסע. פיעל ליגען קראַנק און שוואַך פון די נאַסע און נישט געזונטע וואָהנונגען. פון 5087 וואָהנונגען, וואָס מען האָט בעזוכט, זענען 3471 געוועזען נאַסע און 2011 פינסטערע. 1110 זענען אין פּאָדוואַלען. פיעל פון זיי זענען גאָר אָהן אַ פענסטער און אפילו ביי טאָג ברענט אין זיי פייער. 2105 דירות בעשטעהען פון איין צימער... קינדער געהען נאַקעט און באָרוויס, פערבלאָנדזשעט, אָבגעריסען בעקומען קיין שום בילדונג און ערציהונג, וואַקסען אויס אויף דער גאַס און בעקומען די ווטען פון גאַס... זעהר פיעל יתומים און אלמנות חושכ'ן און מאַטערען זיך נעביך אָהן אַ ברעג. פיעל אַלטע קראַנקע לייט, אונפעהיגע שוין צו אַרבייט, אָהן הילף און שטיצע. עס איז אויסגעקומען צו זעהן, ווי גרויסע פאַמיליעס לעבען אויף דעם פערדיענסט פון 25 קאָפּ'. אַ טאָג, ווי עלטערן זענען ניט אים שטאַנד דורכצוקאָרמענען די קליינע קינדער, ווי קליינע קינדער פון 8-10 יאָהר אַרבייטען 16 שעה אין טאָג צו געבען עסען אַ קראַנקער מוטער, אַ אלמנה... עס איז אויסגעקומען צו בעמערקען, ווי מען ליגט קראַנק אין פערעלטערטע קראַנקהייטען אָהן מעדיצינישע הילף, ווי אַ מוטער האָט פערקויפט דאָס גלאָז פון לאָמפּ, צו קויפען פאַר די קליינע קינדער ברויט, ווי ווינטער אין די שטאַרק ברענעדיגע פרעסט האָט אַ מוטער געהייצט דעם אויווען מיט אַלטע טיכער, מיט שמאַטעס... און ז. וו. און ז. וו. מורא'דיגע שרעקליכע בילדער איז פאָרגעקומען צו זעהן אין דעם גרויסען יַם פון צרות און פּיין; טויזענדער מענשען ליגען אין פינסטערע קעלערס, מיט אַ פערחושך'טען געמיטה, מיט אַ צובראָכענעם קערפּער פון ניט־דערעסען און ניט־דערטרינקען — או קיין ערגרינגערונג, קיין פערבעסערונג זעהט זיך נישט פאָר...

(פאָרטזעטצונג קומט).

מענדיל לעווין.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — אין וויען קלויבט מען געלד צו שטעלען אַ מאָנומענט היינריך היינע אויף זיין קבר אין פּאַריז. ווי עס איז בעקאַנט האָט היינע נישט זוכה געווען צו האָבען אַ מאָנומענט אין זיין פאָטערלאַנד. נאָר די געשטאָרבענע עסטרייכישע קייזערין, וועלכע האָט איהם זעהר טייער געהאַלטען האָט איהם געשטעלט אַ מאָנומענט אין איהר ווילע אויף דער אינזעל קאָרפו.

*

---

*) אין מיין אוטשאַסטאָק (קאַסטעצקע, סטעפּאָוואַיע, טרעטעצקע) האָב איך אויך פערשריעבען וויפיעל קענען שרייבען יודיש און ווי פיעל קינדער בעזוכען חדרים אָדער שולען. די רעזולטאַטען וועל איך ברייננען שפּעטער.

**) אויף קוילען פערשרייבען זיך וועניגער, ווייל מען גיט זעהר וועניג (3-4 פוד) און דאָס האָט ניט פאַר דעם אָרימאַן קיין ווערט. אויף פסח פערשרייבען זיך מעהרער, ווייל 20-30 פונט מצה איז פאַרט אַ הילף אויף יו"ט. דערצו קוילען קען מען קויפען ביסליכווייז, פאַר 5-10 קאָפּ' און פיעל ווילען בעסער אליין דורכצומאַטערען זיך ווי עס איז דעם ווינטער און ניט אָנצוקומען צו נדבות. אָבער אויף מצות דאַרף מען מיט איין מאָל אויסגעבען 4-5 רובל, און דאָס איז שוין כמעט אַלעמען זעהר שווער.

**רוסלאנד.** — אין דער יודישער קאלאניע „ראמאנאווקא“ האט זיך לעצטענס געעפֿענט א צווייטע לאנדווירטשאפֿטליכע ארטעל, וועלכע בעשטעהט פֿון 10 קאלאניסטען, וואס האבען צו וועניג ערד. דער גרינדער פֿון דער ארטעל ראבינער דר. קרעפס האט צוזאמענגענומען 150 רוב׳, כדי צו קויפֿען פֿאר זי א מאשינע און פֿיה. —

— סענאטסערקלערונג. דער סענאט האט ערקלערט אז יודען וועלכע האבען נישט קיין מעטריקעס, האבען דאס רעכט צו פֿארדערן אין דער ארדענונג, וועלכע איז בעשטימט אין געזעץ, אז מען זאל זיי ערקענען פֿאר כשר׳ע קינדער פֿון די פערזאנען, וועלכע זיי וועלען אנווייזען.

— אויף בעפֿעהל פֿון קוראטאר פֿון אדעסער לעהרראיאן האט דער סימפֿעראפאלער ראבינער דר. פֿערעלמאן פֿערלארען דאס רעכט צו זיין פֿערוואלטער פֿון דער שבת־שולע אין סימפֿעראפאל.

*

**דייטשלאנד.** — דער דייטשער ראבינער־בונד אויף זיין לעצטער אסיפה אין בערלין האט אויסגעארבעט א בריעף צו די מיניסטארען, אין וועלכען ער בעקלאגט זיך אויף די בעמיהונגען פֿון דער חברה צער בעלי חיים און געוויסע אויפֿזעהער פֿון שלאכטהייזער צו אסר׳ן די שחיטה. די רבנים דר. מייבוים, דר. הארוויץ און דר. עשעלבאכער האבען גענומען אויף זיך צו דערלאנגען דעם בריעף די מיניסטארען.

*

**רומעניען.** — שווער און ביטער איז די לאגע פֿון די רומענישע יודען. דער קריזיס אין האנדעל פֿון איין זייט און דער גרויזאמער אנטיסעמיטיזם אין דער צווייטער זייט האבען ביי זיי צוגענומען אין גאנצען די פרנסה, זיי זענען גרייט צו ארבייטען שווער פֿאר א ביסען ברויט, נאר עס איז נישטא וואס צו טהון אדער עס איז פֿערשטעלט דער וועג... די רומענישע יודען זענען ווי אין א תפיסה, וואו מען פייניגט זיי און מען גיט זיי נישט מיט וואס די נשמה צו דערהאלטען.

די עמיגראציע קען זעהר וועניג העלפֿען, ווייל אומשטאנד איז מען ארויסצונעהמען פֿון רומעניען נור א קליינע צאהל יודען, און ארויס פֿאהרען ווילען און מוזען צעהנדליגע טויזענדער.

*

**ענגלאנד.** סטאטיסטישעס. אין לאנדאן לעבט יעדער יוד דורכשניטליך 49 יאהר און יעדער קריסט 39 יאהר. קינדער פֿון 1 ביז 3 יאהר שטארבען ביי יודען 10 % און ביי קריסטען 15 %. אין אמסטערדאם שטארבען קריסטען אין אלטער פֿון 20 ביז 50 יאהר 6 % און — יודען נור 3 %. אין אראן און אלזשיר פֿערמעהרען זיך יודען 6 % מעהר ווי קריסטען. ביי יודען טרעפֿען זיך זעהר וועניג קראנקהייטען, וועלכע קומען פֿון שכרות. נערווענקראנקהייטען זענען ביי יודען פֿיעל מעהר פערברייטעט ווי ביי קריסטען, די צאהל פֿון משוגעים איז ביי יודען צוויי מאל אזוי פֿיעל ווי ביי קריסטען.

---

## אלגעמיינע וועלט נייעס.

**עסטרייך.** — אין גאליציען עקזיסטירען בערך 1800 לאנדווירטשאפֿטליכע פֿעריינען (Kółka rolnicze), דער צוועק פֿון די פֿעראיינען איז צו עפֿענען אין אלע שטעדטליך און דערפֿער קריסטליכע געוועלבען, כדי זיך צו קענען בעגעהן אהן די יודישע קרעמער. פֿאר די פֿעריינען, וועלכע האבען שוין ביי הונדערטער יודישע פֿאמיליעס צוגענומען די פרנסה, ווערען געזאמעלט נדבות און צווישען די מנדבים געפֿינען זיך אויך יודישע גוטבעזיצער.

*

**רוסלאנד.** — רעפֿארמען אין בילדונג. די קאמיסיאן צו אומארבייטונג פֿון די רוסישע מיטעלשולען אונטער דעם מיניסטער פֿון פֿאלקסבילדונג גענעראל וואנאווסקי האט בעשלאסען מבטל צו זיין דעם אונטערשיעד צווישען גימנאזיעס און רעאלשולען, און אנשטאט די צוויערליי מיטעלשולען איינצופֿיהרען איין אלגעמיינע מיטעלשולע מיט 7 קלאסען. די גריכישע שפראך ווערט אין גאנצען אבגעשאפֿט פֿון דעם למוד אין גימנאזיעס, דאס לערנען פֿון לאטיין ווערט פֿיעל פֿערקלענערט. דער פלאן פֿון לערנען איז אויסגערעכענט אין גאנצען אויף 290 שטונדען, וועלכע וועלען ווערען אזוי איינגעטהיילט: רעליגיאן וועט מען לערנען אין אלע קלאסען 14 שטונדען אין דער וואך. רוסישע שפראך — אין אלע קלאסען — 30 שטונדען. לאטיין וועט מען לערנען—פֿון 4־טען ביז לעצטען קלאס — 16 שטונדען. איין נייע שפראך אין אלע קלאסען — 20 שטונדען. די צווייטע נייע שפראך — פֿון דריטען קלאס און ווייטער — 16 שטונדען. געשיכטע אין אלע קלאסען — 19 שטונדען. געאגראפֿיע אין די I־VI קלאסען 15 שטונדען וועכענטליך. קאסמאגראפֿיע — נאר אין VII קלאס 2 שטונדען, געזעצגעבונג אין VI און VII קל׳ 4 שטונדען, מאטעמאטיק אין אלע קלאסען 28 שטונדען, פיזיק פֿון V קל׳ אן 9 שטונדען, נאטורוויסענשאפֿט אין אלע קלאסען 9 שטונדען, מאלען און צייכענען — 17, שען שרייבען — 3 שטונדען, האנדארבייט און גימנאסטיק 20 שטונדען וועכענטליך.

— ערלייכטערונג פֿאר צייטונגען. די רעגירונג האט בעשלאסען בנוגע צו צייטונגען, וועלכע ערשיינען אהן פֿארהעריגע צענזור, אז די ערשטע הזהרה, וועלכע ווערט געגעבען א צייטונג, פֿערליערט איהר קראפֿט נאך אבלויף פֿון איין יאהר, אויב אין דער צייט ווערט איהר נישט געגעבען קיין צווייטע הזהרה. אין פֿאל, אויב די צייטונג בעקומט במשך פֿון איין יאהר צוויי הזהרות, האבען זיי זייער קראפֿט במשך פֿון 2 יאהר, זייט די צווייטע הזהרה איז געגעבען געווארען. נאך אבלויף פֿון די דאזיגע טערמינען ווערען די צייטונגען בעפֿרייט פֿון די הזהרות, און אויב עס קומט נאך אמאל איין הזהרה, ווערט זי ווידער גערעכענט פֿאר איין ערשטע.

— אויס באקו שרייבט מען אז דארט איז שטארק געפֿאלען דער פרייז אויף נאפֿט און אנשטאט 18 קאפ׳. ווערט איצט געצאהלט 6 קאפ׳ פער פוד. פֿיעל נאפֿט דעסטילאציאנען האבען איינגעשטעלט די ארבייט און טויזענדער ארבייטער געהען ארום ליידיג. בעזונדערס ליידען פֿון דעם נאפֿט־קריזיס די מעקלערס, וועלכע זענען מעהרסטען־טהיילס יודען.

— דער מיניסטער פֿון פֿאלקס בילדונג האט בעשטעטיגט, אז מענשען, וולכע האלטען אויס דעם עקזאמען אין א וועלכען ס׳איז א קלאס פֿון די מיטעלשולען און קענען נישט ווערען אריינגענומען, ווייל עס איז נישטא קיין פלאץ, קענען בעקומען איין אטעסטאט פֿון דעם אויסגעהאלטענעם עקזאמען.

*

**אמעריקא.** — מויערען אהן ציגעל. דער בעריהמטער עדיסאן האט געפֿונען א מיטעל ווי ביליג צו מאכען צעמענט אזוי, מען זאל פֿון איהם קענען בויען גאנצע הייזער אהן שטיינער און ציעגעל. עס וועט ווערען געמאכט א פֿארם פֿון אייזען און אין איהר וועט ווערען אריינגעגאסען פֿון צעמענט — א גאנץ הויז מיט צימערען א. ז. וו. יעדער ארכיטעקטאר וועט דארפֿען האבען ביי זיך פֿערשיעדענע אייזערנע פֿארמען פֿון הייזער און פֿון זיי קענען אבגיסען הייזער פֿון הוילען צעמענט. דאס איז זעהר איינפֿאך און ביליג, און דערביי וועלען אזאלכע הייזער האבען די מעלה, דאס זיי לאזען נישט צו קיין נאסקייט און קיין פֿייער.

— גרויסע היצען. די לעצטע וואך פֿון יוני זענען אין די פֿעראייניגטע שטאטען געוועזען אזוינע גרויסע היצען, אז צעהנדליגע טויזענדער מענשען זענען קראנק געווארען, במשך פֿון איין וואך זענען אין ניו־יארק געשטארבען פֿון זאנענשטיך 517 מענשען. אין פיטטסבורג זענען געשטארבען פֿון זאנענשטיך 11 מענשען. פֿיעל מענשען זענען פלוצלינג געווארען משוגע און ווילד. א קאנדוקטאר פֿון איין עלעקטרישער באהן האט פלוצלינג געלאזט דעם וואגאן אויף איין אנדער ליניע און ער איז ארויף אויף א צווייטען וואגאן. איינער איז אין אנפֿאל פֿון שגעון אריינגעשפרונגען אין וואסער. אין טשיקאגא האט זיך די היץ געענדיגט מיט א געוויטער און פֿון בליץ זענען געהרגט געווארען 11 קינדער. דער הייסטער טאג איז געוועזען דעם 3 טען יולי. אין סענחאטטאן און ברוקלין זענען געוועזען ביז 3 נאכמיטאג 62 טארדעספֿעלע פֿון זאנענשטיך, אין ניוארק האבען פיעל פֿאבריקען איינגעשטעלט די ארבייט און פֿיעל געשעפֿטען זענען פֿערמאכט, 19000 מענשען האבען גענעכטיגט אונטערן פֿרייען הימעל.

---

## די חַתוּנָה.

(ערצעהלונג).

פֿון מ. ספעקטאר.

I.

מען האט ניטלען דערלאנגט א בריעף פֿון פאסט, זי האט אנגעטהון די ברילען, זיך געזעצט ביים פֿענסטער און אנגעהויבען לייענען.—

איהר פנים האט אנגעהויבען שיינען. אויף איהר אלטער הויט מיט קנייטשען האט זיך פֿון ערגיץ געוויזען א ביסיל בלוט. מען האט געזעהן, אז זי קוועלט אן פֿון דעם לייענען, זי האט געשלונגען די ווערטער, געחאפט דעם אטהעם, און האט זיך צוויינט פֿון גרויס שמחה.

— ענדליך, ענדליך... געלויבט איז זיין ליעבער נאמען, וואס איך בין איהם ניט ווערטה צו דערמאנען... איך ווייס ניט, גאטעניו, ווי דיר אבצודאנקען פֿאר דעם חסד, וואס די טהוסט מיר מיר — ביילע! וואו איז ערגיץ ביילע? וואו איז יוסיל? קינדערליך? גיכער קומט אהער, גיט מיר אב מזל־טוב, אונז קומט א טייערער מזל־טוב, שיקט גיכער נאך אברהמ׳לען, ער זאל קומען מיט זלאטקען און מיט אלע קינדערליך.

ניטעל האט ניט אויפֿגעהערט אין מיטען לייענען דעם בריעף רופֿען אלעמען אין שטוב אריין, לייענען און רופֿען, רופֿען און ווייטער לייענען, שלינגען די ווערטער.

ווער עס האָט זיך נור געפונען אין שטוב, איז נעקומען צו־לויפען.

— מזל טוב אייך! מזל טוב אונז! משה׳לע איז אַ חתן געוואָרען פון ווארשא און בעט אונז שוין אלע אויף דער חתונה,— האָט גיטעל מיט שמחה געזאָגט, — אָט לייענט דעם בריעף, רבונו של עולם, עס זאָל נור זיין אין אַ גוטער שעה, מיר זאָלען אלע איינער פון דעם אַנדערען פיעל נחת האָבען, מיר זאָלען הערען איינער פון דעם צווייטען בשורות טובות און אויף כל ישראל... לייענט, אָט לייענט, קינדער־ליך, ער שרייבט, אַז ער נעמט זעהר אַ שענע כלה אַ יפת־תואר מיט אַ סך נדן, רבונו של עולם, איך בין ניט ווערטה דיין גרויסען חסד, וואָס דו טהוסט מיט מיר! האָט אַלץ איבערגעזאָגט גיטעל, אַרומ־געהענדיג איבער דער שטוב מיט אויפגעהויבענע הענד, ווען איהר טאָכ־טערביילע האָט גענומען ביי איהר דעם בריעף לייענען. די קינדערליך און אַלע אין שטוב, אפילו די דינסט איז נעקומען פון קיך מיט פער־קאַטשעטע אַרבעל און מיט נאַסע הענד, און אַרומגערינגעלט ביילען מיט דעם בריעף.

— לייען העכער, ביילע׳טשקע, איך זאָל קענען הערען... אַלע זאָלען קענען הערען, אַלע זאָלען הערען, האָט גיטעל געבעטען מיט שטעהענדיגע טרעהרען אין די אויגען, אַרומגעהענדיג איבער דער שטוב און אויפהויבענדיג אלע מאָל די הענד.

די קינדערליך האָבען אונטערגעשפרונגען זעהענדיג, ווי די באַבוני איז אַזוי פרעהליך. אין דעם וואָרט „חתונה“, וואָס ביילע האט איבער־געלייענט אין בריעף, האָבען זיי געזעהן פאָרויס שענע טייערע זאַכען, כְּלֵי־זֶמֶר, לעקעך, פלאָדען, נייע מלבושים׳ליך, און די קינדערליך האָבען זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטען פון טאַנצען. דאָס דינסטמיידיל האט זיך גאָר דערפרעהט, געזאָגט נאָך אַנאַנד: „אוי דאָס אַ שענע כלה ווי גאָלד“ און ניט געוואוסט, וואָס זי זאָל ווייטער אָנהויבען צו טהון — געהן דערקאָכען דעם מיטאָג, אָדער אַראָבקאַטשען די אַרבעל איבער די הענד.

אַ טעפיל, וואָס האָט שטאַרק אָנגעהויבען זידען אין קיך, האָט אַ ביסיל איבערגעשלאָגען דאָס לייענען דעם בריעף, און מען האט איהר געהייסען גיך לויפען אין קיך אריין.

— אָט שרייבט די כלה אויך אַ לאַנגען גרו״ס, האָט די טאָכטער געזאָגט, נאָר איך קען ניט לייענען, אודאי פראַנצויזיש.

— די כלה שרייבט אונז אויך אַ גרוס, לעבען זאָל זי, מיינע ביינער זאָל זי איבערלעבען, מיר וועלען אַריינגעהן צום פראָוויזער, זאָל ער אונז איבערלייענען.

דער פראָוויזער, וועלכער האָט געוואָהנט אין איהר הויז, האט געזאָגט, אַז עס איז ניט קיין פראַנצויזיש, נאָר פויליש, זי שרייבט ניטל׳ען אַז זי איז איהרע אַ צווייטע מוטער, זי האט איהר זוהן מאָזעס׳ען ליעב ווי איהר גאַנץ לעבען, ער איז איהר גאַנצע וועלט, זי רעכענט זיך פאַר די גליקליכסטע אין דער וועלט, וואָס גאָט האט איהר בע־שערט מאָזעס׳ען, זי האַלט ניטל׳ען פאַר איהר צווייטע מוטער און זיך פאַר איהר געטרייע טאָכטער אויף אייביג און האָפט, אַז גיטעל וועט זי אויך ליעב האָבען ווי איין אייגען קינד.

זי גרוסט און קושט טויזענד מאָל איהרע נייע שוועסטער ביילען מיט זלאַטקען מיט זייער מאַנען און קינדערליך און שרייבט זיך אונ־טער: „אייערע אויף אייביג ערגעבענע און ליעבענדע טאָכטער רעגינע“.

און אַ שעה שפעטער האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען צו ניטל׳ען אין שטוב איהרע אַלע קינדער, איהר עלטערער זוהן אברהם׳ל מיט דער שנור, זלאַטקע און זייערע קינדער, אויך איהר איידעם יוסיל, ביילעס מאַן. אַלע האָבען געלייענט דעם בריעף מיט גרויס נייגעריג־קייט, מען האָט געשטעלט צום טיש בראָנפען מיט לעקעך און געשיקט נאָך וויין, מען האט געטרונקען „לחיים“, זיך אָבגעגעבען איינער דעם אַנדערען מזל טוב, און מען האָט אָנגעהויבען רעדען פון פאָהרען אויף די חתונה.

ניטעל, פון דעם אַלעמען, וואָס זי האָט איבערגעלעבט היינטיגען טאָג, איז זעהר מיעד געוואָרען און איז זיך געגאַנגען אביסיל צולעגען, „דער קאָפ זאָל איבערגעהן“, און דער איבריגער עולם איז געבליבען זיצען ביים טיש און ניט אויפגעהערט צו רעדען פון משה׳לען.

— איך שטעל זיך פאָר וואָס פאַר אַ שידוך, אימשטיינס גע־זאָגט, משה׳לע האט געקענט טהון, האָט די שנור זיך אָנגערופען און זיך אָבגעווישט איהרע בלויע ליפעליך.

— ביז 30 יאָהר אַ בחור געזעסען, איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ כלה דאָס איז, וואָס פאַר מחותנים, אַז זיי האָבען געקענט נעהמען משה׳לען, האָט געענטפערט די טאָכטער.

— זאָל גאָט העלפען, ער זאָל שוין חאָטש איצטער אָנהויבען ווערען אַ מענש, האט מיט אַ זיפץ זיך אָנגערופען משה׳לעס עלטערער ברודער מיט אברהם׳ל, גענוג צרות און בזיונות האָבען מיר פון איהם געהאַט.

— שולדיג ביזט דו, האָט זיך יוסיל געווענדעט צו אברהם׳ל, ווען איך זאָל זיין משה׳לעס עלטערער ברודער, וואָלט ער אַנדערש אויסגעוואַקסען. איך וואָלט איהם געוועזען ווי איין אייגענער טאַטע, און וואָלט איהם גוט אריינגענומען אין די הענד.

— עס ווייזט זיך דיר נור אויס אַזוי — אַז ווען גאָט שטראָפט, דאָס אפילו איין איינען קינד געהט אין שלעכטען וועג, העלפט ניט קיין זאַך; עס איז ניט אַמאָליגע יאַהרען, וואָס מען פלעגט מורא האָבען פאַר אַ רבי׳ן, מען האָט דרך־ארץ געהאַט פאַר עלטערע מענ־שען, היינט איז איין הפקר וועלט, ווי דאָס קינד קומט נור אין די יאָהרען, טהוט עס וואס עס וויל, עס העלפט ניט קיין טאַטע מאַמע; וואָרום וואָס האָב איך דען ניט געטהון, אַז משה׳לע זאָל אויסוואַקסען אַ לייט, ווי עס שטעהט אָן אונזער משפחה, דערצו איז ער נאָך יונג געוואָרען אַ יתום; דעם טאַטען, ער זאָל האָבען דעם ליכטיגען גן־עדן, וואָלט ער נאָך אפשר געפאָלגט, אָבער אַ ברודער און די מאַמען האָט ער געהערט ווי דעם פאַראַיעהריגען שניי, און ווען מען פלעגט איהם זאָגען, האָט ער געענטפערט מיט עזות. מיט גוטען און מיט שלעכטען האט ניט געהאָלפען. זאָל גאָט העלפען, ער זאָל חאָטש פון איצט אָנהויבען ווערען אַ מענש און אַוועקוואַרפען זיינע יונגעלשע שטיק, אַ וחמנות אויף די מאַמען, זי האָט זיך נעביך גענוג אָנגעליטען פון איהם.

ביילע האט דערביי געלאָזט אַ טרעהר און געזאָגט:

— אודאי דער טאַטע, זאָל זיין אַ גוטער מליץ, זאָל לעבען, וואָלט משה׳לע אַזאַ שידוך ניט געטהון. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מחותנים דאָס זענען, איך שטעל זיך שוין פאָר אימשטיינס געזאָגט; ער וועט דען זיך אָנפרענען ביי עמעצען? ער איז שטענדיג געוועזע אַ „סאַמאָוואָלעץ“ — וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער געטהון, ביי קיין מאַמע, ביי שוועסטער, ביי ברידער קיין מאָל ניט געפרעגט. אָט איז ער אַ חתן געוואָרען צו דרייסיג פערשריענע יאָהר און בעט שוין, מען זאָל פאָהרען אויף די חתונה, אַודאי? באַלד וועלען זיך אַלע צולויפען אויף דער שענער חאַסלערע,— ניטאָ אַזוינע נאַראָנים! ער מיינט, אַז ער

איז נור דער חכם ! ער וויל דען, מיר זאָלען זיין אויף דער חתונה ? אַט ווענען יוצא ווענען, שרייבט ער.

— פֿון דעסטוועגען דאַרף מען פֿאָהרען אויף די חתונה, האָט אברהס׳ל געזאָגט.

— פֿאָהר, אַז דו ווילסט,— איך וועל ניט פֿאָהרען !

נאָך פֿיעל רעדען און וִיכּוּחִים איז געבליבען, אַז קיינער זאָל ניט פֿאָהרען, מען זאָל נור יוצא זיין און איהם דעפעשיערען אַ מזל טוב. ער האָט ביי קיינעם ניט געפֿרעגט און אַליין אַ חתן געוואָרען, זאָל ער אַליין חתונה האָבען.—

.II

ניטעל האָט זיך ביי זיך אין צימער אַזוי גיך ניט געקענט בערוהיגען פֿון היינטיגען טאָג. אַ קליינינקייט, וואָס זי האט איבערגעלעבט. משה׳לע איז אַ חתן געוואָרען. וויפֿיעל האָט זי זיך אין איהר לעבען פֿון איהם אָנגעליטען, זי האָט איהר יונגסט קינד משה׳לע — איהר מוזיניקעל אַזוי שטאַרק ליעב געהאַט, ער איז געווען שען, אַז אין זיין ליכטיגע צורה איז ניט געווען אַריינצוקוקען, און קלוג ווי דער טאָג, אַז מען האָט נור בעדאַרפֿט האַלטען אָפֿען מויל און אויערען איהם צו הערען רעדען, גאָט און לייט האָבען ניטעל מקנא געווען אויף דעם קינד. אין איהרע זכרונות איז ניטעל גיך אַריבער צו דער צייט ווען משה׳לע איז עלטער געוואָרען :

— איך האָב שוין גערעכענט מיט איהם אַ שידוך טהון, ווי מיט אברהס׳לען אין זיינע יאָהרען, די גרעסטע שידוּכים מיט די גרעסטע רבנים האט מען גערעדט. „ניין" און „ניין", ער וויל ניט, ער וויל נאָך לערנען,— וואָס לערנען, ווער לערנען צו זעכצעהן יאָהר אַ בחור ? — דו ווערסט ווערען לערנען קענסטו דאָס שען אויספֿיהרען ביים שווער אויף קעסט, ספרים איז ב״ה גענוג געבליבען פֿון טאַטען — „ניין" און „ניין" — ער וויל פֿאָהרען לערנען. ער האט ביי קיינעם ניט געפֿרעגט און איז אַוועק אין דער וועלט אַריין, צוויי חדשים האָב איך פֿון איהם גאָר ניט געהערט, איך בין שיער מיינע שונאים פֿון זינען ניט אַראָב, דערנאָך איז פלוצים אָנגעקומען אַ בריעף, ווי ער בעט מיך איבער, וואָס ער האט זיך מיט מיר ניט געזעגענט און בעט, איך זאָל איהם מוחל זיין און זאָל איהם שיקען געלד, ווייל ער האָט פראָסט ניט וואס צו עסען, מיין הארץ האט זיך מיר צוריסען — מ י י ן משה׳לע, וואָס איך פֿלעג זיך פֿיהלען גליקליך, ווען ער האט עפּיס גענעסען מיט אַפּעטיט, זאָל הונגערען, איך האב איהם געשיקט געלד, דריי יאָהר האב איך איהם געשיקט. דערנאָך האָט ער אויפֿגעהערט פֿערלאַנגען געלד, איך האָב איהם געבעטען, ער זאָל קומען, האָט ער דערויף ניט געענטפֿערט. „איך וויל זיך ניט קריגען מיט אברהס׳לען, מיט דער שוועסטער און מיט איהר מאַן", האט ער געשריעבען, „מיר קענען ניט וואָהנען צוזאַמען". פֿאַר וואס, פֿאַר ווען, ווייס איך ניט. דערנאָך האט ער אַ צייט גאָר אויפֿגעהערט שרייבען. גריסען האט מען געהערט פֿון איהם זעהר ביטערע. אַט איז ער אין אַדעס, אָט איז ער אין קיעוו, אָט איז ער אין חארקאוו. מען האט דערצעהלט, אַז משה׳לע לעבט ווי אַ פראָסטער גוי, ער האט קיין יודיש פּנים ניט, טהייל האָבען דערצעהלט, אַז ער לעבט מיט אַ גויה -- מיט אַ גראַפֿיניע און אַז ער וועט שוין קיין מאָל ניט חתונה האָבען.

מיט אַ פֿינף יאָהר צוריק איז ער פּלוצים אַראָבגעקומען אַהיים „זיך זעהן מיט דער מאַמען", ווי ער האט געזאָגט. ניטעל האט איהר קינד ניט דערקענט, אַזוי פֿערענדערט איז ער געוואָרען. דער ברודער, די שוועסטער, דער שוואָגער און די שווענגערען האָבען איהם געפֿונען פֿאַר פֿרעמד, משה׳לע האט בעקומען אַ גוישע גענאָלטע מאָרדע מיט אַרויפֿגעדרעהטע וואָנסען, אָנגעטהון ווי אַ פריץ און מיט אַ פֿולען פּאַליארעס אַסיגנאַציעס, זיין משפחה האט זיך געשעמט צו געהן מיט איהם איבער דעם שטעדטיל, ניטעל האָט געהאַלטען אין איין וויינען, ער זאָל אַוועקוואַרפֿען די גראַפֿיניע, בלייבען צוריק אַ יוד, מעהר ניט אַוועקפֿאָהרען, בלייבען נעבען דער מאַמען. אַז נאָט וועט וועלען, וועט זי מיט איהם נאָך קענען טהון אַ שענעם שידוך, ער זאל זיך נור אַביסיל איבעראַנדערשען. משה׳לע האט דער מאַמען געשוואָרען אַז ער איז אַ יוד, ער האט ניט קיין גראַפֿיניע, נאר בלייבען אין דער היים וועט ער פֿאַר קיין מיליאָן, ערשטענס האט ער זיינע אייגענע געשעפֿטען אין דער פֿרעמד און צווייטענס, געפֿעלט איהם ניט דאס שטעדטיל, דאָ איז פֿאַר איהם ניט דאָ וואס צוטהון און קריגען זיך מיט ברידער און שוועסטער איבער פֿרומקייט איז פֿאַר איהם קיין געשעפֿט ניט.—

משה׳לע איז טאַקע אַזוי אַוועקגעפֿאָהרען, ניטעל האָט געוויינט, פֿאַר וואָס איז משה׳לע אַנדערש ווי איהרע קינדער, אַלע פֿון איין מאַמען, איבער יעדען קינד האט זי בלוט פֿערגאָסען. פֿאַר וואס וויל ער ניט בלייבען נעבען איהר אין דער היים, — „וואָס וואָלט איהם דאָ געפֿעהלט ?" געלויבט גאָט, ניט צו פֿערזינדיגען, פֿריהער גאָט און דערנאָך ער, זאָל האבען דעם לעכטיגען גן־עדן האָט אונז פֿערזאָרגט, איבערגעלאָזט אַ הויז פֿון עטליכע טויזענד רובל, בעלי־בתישקייט, מיט אַביסיל מזומן געלד. פֿון דעם הויז אַליין, ניט צו פֿערזינדיגען, קען מען ב״ה לעבען, אַנדערע זענען אונז מקנא, און איהם געפֿעלט עס ניט און איז נע־ונד אין דער פֿרעמד אָהן אַ ווייב אָהן אַ היים, אַ מענש פֿון עטליכע און צוואַנציג יאָהר זאל ניט האָבען קיין היים.

די שוועסטער מיט דעם שוואָגער, און דער ברודער מיט דער שווענגערען זענען אין האַרצען העכסט געווען צופֿרידען, וואָס זיי בעפֿרייען זיך פֿון דעם שלאַק — „גלייכער פֿון דערווייטענס — איז ווינציגער דער בזיון".

זעלטען פֿלעגט דערנאָך אָנקומען אַ בריעף פֿון משה׳לען און אין די לעצטע פּאָר יאָהר איז ער גאָר פֿערפֿאַלען געוואָרען. קיינער האט זיך דערויף ניט געוואונדערט ; אַלע האָבען געוואוסט, אַז פֿון משה׳לען וועט קיין לייט ניט זיין. טהייל האבען דערצעהלט, אַז ער זיצט אין טורמע, אַנדערע אַז ער איז אַוועק קיין אויסלאַנד און מען לויפֿט איהם נאָך און ווידער האט מען דערצעהלט, אַז ער האט זיך אויפֿגעהאָנגען, ווייל עס איז איהם נִמְאָס געוואָרען דאס לעבען און אַז פֿאַר זיין טויט האט ער חרטה געהאַט אויף אַלע זיינע חטָאים, נאר עס איז שוין געווען צו שפעט.

פֿון די אַלע נייעסען האט זיך דערוואוסט די משפחה און מען האט זיך געהיט, עס זאָל צו ניטל׳ען ניט אָנקומען די שלעכטע בשורה, ווייל זיי זענען ניט זיכער געווען, צי די אַלע פּאָטשטען זענען אמת.

ניטעל האָט שטיל געטראָגען אַ גרויסען וועהטאָג אין האַרצען, צייטענווייז פֿלעגט זי שטיל וויינען וועגען איהר משה׳ילען, וואָס האָט זיך גענומען און שלעכטען וועג,— און דאָ פלוצים אַזא טייערער בריעף מיט אַזא טייערער כשורה : איהר משה׳לע האָט חתונה און בעט אויף חתונה.

ליגענדיג אין בעט ביי זיך אין צימער האָט זיך ניטעל אין אַלעם דערמאַנט, וואָס זי האָט איבערגעליטען פֿון איהר שלעכטען זוהן, נאָר איצטער... איצטער האָט זי אין אַלעם פֿערגעסען, אַלעס איהם מוחל געווען און איהר מוטערשע האַרץ איז פֿול געוואָרען מיט ליעבע צו

איהר משה׳לען, פונקט ווי אין דער צייט, ווען ער איז ארומגעגאנגען נער־בען איהר פארטוך און דער מאמען אין אלעמען געפאלגט.

אלע איהרע געדאנקען זענען איצטער געווען פערנומען מיט זיך צוגרייטען פאהרען אויף דער חתונה, די צייט איז אזוי קורץ — אין גאנצען דריי וואכען געבליבען, ביי איהרע ערשטע קינדערס חתונה פלעגט זיך גיטעל אנהויבען צוגרייטען פריהר מיט דריי חדשים און דא אין גאנצען דריי וואכען.

אויף מארגען האט זי ארויסגענומען איהר מאראנטיקען זיידען קלייד מיט די גרינע אטלעסענע קווייטען און עם ארויסגעהאנגען לופטערען, עם בעטראכט, אויב עם פעהלט ניט קיין העקעליך. דער־נאך האט זי מיט קרייד אויסגעפוצט איהרע לאנגע אוירינגליך, די פעריל, די פינגערליך און די גאנצע צירהונג און זיך געקויפט א ניי געל זיידען טיכיל אויפ׳ן קאפ מיט העל־געלע גרויסע קווייטען.—

אכט טאג פאר דעם אוועקפאהרען האט מען געבאקען לעקעך, פלאדען און מאנדעל־בייגעליך אויף מיטצונעהמען פון „חתן׳ס צד”, בעשטעלט א פארוק פאר די כלה און אויסגעקליבען פון איהר בענש־לייכטער די שענסטע און גרעסטע פאר דרשה געשאנק פאר די כלה. איהר עלטערען זוהן צו דער חתונה האט זי אויך דער כלה געשיינקט א פאר זילבערנע בענשלייכטער און צום „שלייער” געגעבען א פארוק.—

פאר דעם אוועקפאהרען איז גיטעל געווען ביי איהר מאן אויף דעם קבר, איהם בעטען אויף חתונה און אז ער זאל דארט זיין א גוטער מליץ פאר דעם נייעם פאר־פאלק.—

גיטעל איז אוועקגעפאהרען קיין ווארשא ווי א גרויסארטיגע מחותנת׳טע צו איהר ליעבסטען יונגסטען זוהן אויף חתונה, פרעהליך און גליקליך. אלע, וואס האבען זי בעלייט צום וואגזאל, האבען גע־זאגט, אז זי איז יונגער און שענער געווארען אויף צוואנציג יאהר, און אז זי איז א שענע מחותנת׳טע.

אויסער די כלה־מתנות האט גיטעל מיט זיך מיטגענומען אויף חתונה־הוצאות, זי זאל האבען מיט וואס אויסצושטעלען זיך פאר א שענע מחותנת׳טע. „זאלען זיי דארפען ניט מיינען, אז איהר משה׳לע קומט חס־ושלום ארויס פון א נחות דרגא. אז ער איז ב״ה ניט קיין עלענדער, ער האט ב״ה ביז הונדערט און צוואנציג יאהר א מאמע מיט שוועסטער, ברידער און קומט ארויס פון א שענער משפחה. זי וועט וויזען, אז אין ווארשא קען זי ב״ה אויך זיין א שענע מחותנת׳טע. משה׳לע איז ביי איהר דאס לעצטע קינד, וויל זי נאר ניט פערשפארען, ע״ר, זאל זיין א גוטער בעטער, זאל לעבען וואלט ער אודאי אביסיל שענער בעשיינט די חתונה און נאך מעהר געלד אויסגעגעבען, נאר זי וועט אויך קיין זאך ניט פערשפארען, אבי שען זיך אויסצושטעלען אויף דער חתונה. זי וועט דינגען טעניץ פאר אלע מחותנים בעזונדער, פאר דעם „וויוואט” שפיעלען וועט זי די כלי־זמר געבען א גאנץ פינפעריל, און פאר דעם „כשר־טאנץ” צוויי דרייערליך, היינט רח״ש, דעם חזן, די שמשים, נדבות פאר ארימע לייט, וואס זאל זי דא שפא־רען? מעהר קיין קינדער אויף חתונה מאכען האט זי ניט; געלויבט זיין ליעבען נאמען וואס זי האט דערלעבט איהר משה׳לעס חתונה.

מיט די גליקליכע געדאנקען איז גיטעל ווי א גליקליכע מוטער געפאהרען קיין ווארשא צו איהר יונגסטען זוהן אויף דער חתונה.

III.

אין ווארשא אויף דלוגע גאס, וואו עס געפינט זיך דער זאל אויף חתונות „נו־וואטע”, איז צוגעפאהרען איין קארעטע נאך דער אנדערער, פון וועלכער עס זענען ארויסגעגאנגען דעקאלטירטע דאמען, פריילייין און אויסגעפוצטע הערען.

דער זאל איז שוין געווען פול, די מוזיק האט געשפיעלט, הערען און דאמען האבען געטאנצט, טהייל וועלכע האבען ניט גע־טאנצט האבען גערעדט וועגען חתן כלה, וואס פאר א גליק רעגינע וויסשטיין האט געטראפען: אזא שענער יונגער מאן מיט פול לעבען, געבילדעט און קלוג, דערצו פערמאגט ער א שענעם קאפיטאל, וואס ער האט אליין פערדיענט, און האט גוטע געשעפטען. אין גאנצען מיט צעהן טויזענד רובל נדן קומען צו א חתן מיט אלע מעלות איז היינטיגע יאהרען זעהר שווער, איין ארים דאקטוריל אהן פראקטיקע הייסט זיך היינט אויך געבען פיפצעהן טויזענד. אמת רעגינע איז א שענע פריי־ליין און א געראטענע, נאר וויפיעל זענען דא שענע, געראטענע און מיט מעהר געלד און זיצען.

איבערהויפט האבען דערפון שטיל צווישען זיך גערעדט די מאמעס פון די פריילייין, מיט וועלכע זיי זענען געקומען אויף דער חתונה.

די כלה איז געזעסען אויבען אן אויף א שטוהל, נעבען איהר פון ביידע זייטען זענען געזעסען דאמען און פריילייין: גיטעל די מחותנת׳טע אין איהר מאראנטיקען קלייד מיט די גרויסע גרינע אט־לעסענע קווייטען האט מען אריינגעזעצט צווישען צוויי דאמען מיט דעקאלטירטע ברייטע פלייצעס און מיט אפענע הערצער. גיטעל האט דאס ניט געקענט צוזעהן און איבערטראגען, ווייבער וועלכע האבען שוין מאנען און קינדער זאלען מיט אזא עזות זיך ניט שעמען קומען אויף א חתונה. דערצו האט זי ניט געקענט ליידען דעם שרעקליכען ריח פון זייערע הוילע לייבער צוזאמען מיט די מאוסע ריחות פון די וויסע פראשקעס, פאמאדעס און וואסערען, מיט וועלכע זיי האבען זייערע לייבער, דאס פנים און אפילו די האר אנגעשמירט, אבגעשיט און אבגעגאסען. די אלע משונה׳דיגע ריחות האבען גיטלען שטארק גע־ציפט אין דער נאז און געזעצט אין קאפ ווי פון א טשאד. גיטעל איז געזעסען צווישען די צוויי דאמען ווי געקרעמפעוועט, ווי איינגעשלאסען און זיך ניט געקענט ריהרען. מיט דעם גרעסטען פערגניגען וואלט זי פון דעם ארט אוועקגעגאנגען, נאר וואוהין זאל זי געהן? וואו זאל זי זיך, אלס מחותנת׳טע, זעצען, אז ניט נאהענט פון דער כלה אויבען אן און דא אויבען אן זיצען אלע אזוינע האלב נאקעטע ווייבער. זיך זעצען ערגיץ אנדערש — וואו? נעבען דער טיהר? דאס פאסט דאך ניט, און גיטעל איז ווייטער געזעסען צווישען די צוויי דעקאלטירטע ווייבער אין קלעמעניש און געקוקט מיט די אויגען אויף אלעס, וואס קומט פאר אין זאל און זעהט מעהר ניט ווי א פולער זאל מיט דע־קאלטירטע ווייבער און מיידליך.

גיטעל פיהלט זיך וואס אמאל ערגער, עס חלש׳ט זי קוקענדיג אויף זיי.

— מילא די מיידליך, יונגע קינדער, טראכט זי זיך, איז חאטש נאך צו פערדייען. א מיידיל דארף געפעהלען, חאטש קיין יודישע טאכטער טאר ניט ווייזען איהר לייב פאר אלע. נאר וואס זאל מען טהון מיט היינטוועלטיגע קינדער אין היינטיגע יאהרען, ובפרט נאך אין אזא פערשטארטע שטאדט ווי ווארשא.— אבער ווייבליך און ווייבער, וואס האבען שוין מאנען מיט קינדער, ווי שעמען זיי זיך ניט פאר גאט און פאר לייט, פאר זייערע איינגענע קינדער, קומען אויף א חתונה מיט האלב נאקעטע לייבער ווי אויסגעלאסענע שיקסעס אין א שענק. יודישע טעכטער, וואס זייער לייב טארען אפילו די פיער ווענד ניט זעהן, זאלען אזוי קומען אויף א יודישע חתונה — טפו זאל ווערען די גאנצע

היינטיגע וועלט, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿען פֿאַר די רייד, חלש׳ן קען מען קוקענדיג אויף אַזוינע יודישע פּאַראַסקעס.

נאָך דער חופּה, וואָס מען האָט געשטעלט אין מיטען שטוב, האָט מען זיך געזעצט צום טיש און מען האָט גיטלען ווייטער אָנגעוויזען אַ פּלאַץ אויבען אָן צווישען די אייגענע ווייבער, צווישען וועלכע זי איז פֿריהער געזעסען אין קלעמעניש און פֿון זייערע ־יחות זיך פֿערטשאַדעט דעם קאָפּ.

גיטעל האָט זיך אַזוי געפֿיהלט שלעכט און אַזוי פֿעריסורים׳ט אַז זי האָט פֿון דעם עסען גאָר ניט געקענט נעהמען, דאָס מויל איז איהר ווי פֿערשלאָסען געוואָרען און די אויגען האָבען זיך אָנגעפֿילט מיט טרעהרען.

נאָך דעם טיש האָט זיך גיטעל אַליין אויסגעקליבען איין אָרט ווייטער פֿון דעם „אויבען אָן“ און זיך געזעצט ערגיץ נעבען אַ פֿענסטער, נאר באַלד האָט די כּלה׳ס מוטער (אויך אַ דעקאָלטירטע) זי דערזעהען, איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנד.

— צו וואָס זיצט איהר דאָ, מחותּנת׳טע, פֿאַר וואס זיצט איהר ניט אויבען אָן ?

— איך וויל דאָ אַביסיל אָפּרוהען.

— אָ ניין, נ׳ין, זעצט זיך דאָרט, האָט זי געזאָגט און זי מיט געוואַלד אַוועקגעפֿיהרט אויבען אָן און זי געזעצט צווישען די פֿריהערדיגע צוויי ווייבער מיט די ־יחות. לאַנג, לאַנג איז זי אין איהר געפֿענגעניש געזעסען און די ־יחות האָבען איהר וואָס מעהר געזעצט אין קאָפּ, זי וואָלט זיך געוואָלט אויסרעדען איהר האַרץ אָדער גלאַט מיט עמיצען פֿאַר דעם גאַנצען אַווענד רעדען אַ וואָרט, נאר זי האָט ניט מיט וועמען צו רעדען. די מוזיק שפּיעלט, פּאָרליך טאַנצען, גיטעל זעהט מעהר גאָר ניט, עס דריקט איהר דאָס האַרץ, אַ שווייס בעדעקט זי, דער קאָפּ ווערט שווער און פֿאַלט פֿון איהר שטיל.

— דעם חתן׳ס מוטער חלש׳ט ! ווערט אַ געפּ׳לדריי — וואַסער, וואַסער !

מען ברייננט וואַסער, מען זוכט אויס אַ דאָקטאָר צווישען די געסט און ער פֿיהרט זי אַריין אין אַ בעזונדער צימער און דערמינטערט זי.

די כּלה, דער חתן, די כּלה׳ס מוטער, און די צוויי ווייבער צווישען וועלכע גיטעל איז געזעסען לויפֿען אַריין אין צימער :

— וואָס איז מיט אייך, לייגט זיך צו, ווי פֿיהלט איהר זיך, אפשר וועט איהר טרינקען אַביסיל לימאָנאַד? פֿרעגען אַלע.

— איך דאַנק אייך, איך דאַרף גאָר ניט, איך פֿיהל זיך שוין בעסער, לאָזט מיך איבער אַליין, וועל איך זיך בערוהיגען און וועל אין גאַנצען קומען צו זיך.

גיטעל איז אליין געבליבען אין צימער, זי האָט אָנגעהויבען אָטהעמען גרינגער, דער קאָפּ האט איהר אין גאַנצען אויפֿגעהערט וועהטהון, זי האָט זיך איצט געפֿיהלט ווי איינער, וואָס ווערט בעפֿרייט פֿון געפֿענגעניש, נאר אין האַרצען האָט זי געפֿיהלט אַ גרויסען וועהטאָג. די טרעהרען, וועלכע האָבען זי געשטיקט דעם גאַנצען אַווענד, האָבען זיך איצטער צולאָזט, און זי האָט זיך שטאַרק צוּוויינט. די מוזיק האָט ניט אויפֿגעהערט שפּיעלען, עס האָט זיך געהערט דאָס קלאָפּען פֿון די טענץ, דאָס קאָמאַנדעווען פֿון דעם „טענץ־פֿיהרער“, די פּאָדלאָגע האָט געציטערט, גיטעל האָט ניט אויפֿגעהערט צו וויינען און זיך מיט אַלע קרעפֿטען איינגעהאַלטען פֿון חליפּען, מען זאָל ניט אָנקומען, מען זאָל איהר ניט שטערען. זייט איהר מאַן איז געשטאָרבען, האָט זי אַזוי ניט געוויינט. מיט דעמזעלבען ניגון, וואָס זי האָט בעוויינט איהר מאַנס טוידט, האָט זי איצטער אויך געוויינט אויף איהר משה׳לעס חתונה.—

צוביסליכווייז האָט זי אויפֿגעהערט אין גאַנצען צו וויינען, אויסגעווישט די טרעהרען, שטיל געזעסען און גערעדט צו זיך פֿון די פֿיעל געדאַנקען, וועלכע זענען איהר איצט געפֿלויגען אין קאָפּ.

— גלייכער, וואָס ער, זאָל האָבען דעם ליכטיגען גן־עדן, איז געשטאָרבען און ניט דערלעבט צו זעהן די טייערע חאַסלערע, דעם טייערען נחת, וואָס איך האָב איצטער ביי דעם מוויניקס חתונה, בעסער וואָלט איך עס גאָר ניט דערלעבט, אימשטיינס געזאָגט אַ חופּה! — פֿיער דרינגעס אין מיטען שטוב אויף חוזק צו מאַכען, אויף נאָכקרימען זיך און שוין חתונה געהאַט !.. ביים טיש קיין שבע־ברכות, קיין יודיש וואָרט, קיין יודיש פּנים, קיין מנין־יודען ניט געזעהן, געגאָלטע גוים און גוים, אַ פֿולע שטוב מיט נאַקעטע ווייבער און מיידען, אַז עס ווערט ניט גוט צו קוקען אויף זיי. בעסער וואָלט משה׳לע שוין חתונה געהאַט מיט איין אָרימע יתומה, וואָלט איך אַזוי פֿיעל בזיונות ניט געהאַט, אַזוי פֿיעל האַרץ־וועהטאָג ניט איבערגעטראָגען.

גיטעל האָט זיך דערמאַנט וואָס פֿאַר אַ מחותּנת׳טע זי איז געוועזען ביי איהר עלטערען זוהן, ביי איהר אבר־הם׳לען אויף דער חתונה און וואָס פֿאַר אַ נחת זי האָט דאַן געהאַט. פֿיער הונדערט ווייבער האָבען זי, ניטלען, געפֿיהרט צום שבת אויפֿ־רופֿענס אין שוהל אַריין בעשיטען דעם חתן, היינט דאָס פֿאָרשפּיעל און ערשט די חופּה, דאָס פֿיהרען מיט גרויס פּאַראַד התן כּלה צו דער שוהל, דאָס פֿרעהליכע טאַנצען פֿון דער שוהל, די גאָלדענע יויך, דאָס ברענגען דעם חתן אויף דער וועטשערע מיט מוזיק, דער חזן מיט אַלע משוררים, וואָס האָבען געזונגען ביים טיש, די שבע־ברכות, דאָס שפּיעלען יעדען אַ „וויוואַט“, דעם „כשר טאַנץ“ דאס טאַנצען אַ ראָד, אומעטום האָט מען נור געהערט „גיטעל“ און „ניטעל“, — מזל־טוב אייך, גיטעל, איהר זאָלט דערלעבען אין אייער פֿאָר פֿאָלק פֿיעל נחת און אין אלע קינדער, איהר זאָלט דערלעבען צו טאַנצען ביים יונגסטען קינד (אַ שענעם נחת דערלעבט !..) וואו איז ערגיץ גיטעל? הערט זי ווי אַלע רופֿען, — דער פֿעטער, די מומע אָדער אַ לייבליכער קרוב האָט נעדונגען די מחותּנת׳טע פֿון התן־צד אַ טאַנץ — שפּיעלט כּלי־זמר! דער עולם מאַכט אַ וואָרע ניטלען און זי טאַנצט מיט דעם פֿעטער, מיט דער מומען אָדער מיט דעם לייבליכען קרוב און אַלע פּליעסקען צו מיט די הענד. גיטעל איז שוין מיעד טאַנצענדיג, נאר מען רופֿט ווייטער גיטלען — אַ גוטער פֿריינד זינגט אַ פֿרעהליכס דער מחותּנת׳טע פֿון חתן׳ס־צד —שפּיעלט כּלי זמר! און ניטעל טאַנצט ווייטער, דער עולם פּליעסקעט ווידער און מען ווינשט צו דערביי אַלעם גוטס, און גיטעל פֿיהלט דעם אמת׳ן נחת און שמחה פֿון אַ קינד חתונה־מאַכען. דערנאָך, דערנאָך ווען דער עולם הויבט זיך אָן צו געהן און די מחתנות׳טעס הויבען זיך אָן צו שושקען, צו סוד׳ן זיך, היינט אויף מאָרגען „צום שלייער“, ווען זי זעהט די כּלה אין פּאַרוק שוין אַלס ווייביל, אַלס שנור... איהר פּלאָדען און מאַנדעלבייגעליך, וואָס זי האָט אָנגעבאַקען אויף דער חתונה לויבען אַלע, און וואָס עס בלייבט איבער צום שלייער, צוהאַפּט מען, אָדער יונגע לייט בריות נעהמען עס צו אַז די מחותּנת׳טע זאָל ניט! וויסען און דערנאָך לאַכען אַלע און מען רייצט זיך מיט איהר : „אָט אַזוי, אָט אַזוי ווערט מען אַ שווינער“, און דאָ אימשטיינס געזאָגט, אויף דער חתונה איז דער גאַנצער פּלאָדען מיט דעם לעקיך אין מאַנדעלבייגעליך, וואָס זי האָט אין דער היים אָנגעבאַקען, געבליבען אין קאַסטען ; אָדער וואַרף עס

אַרויס, אָדער פֿיהר עס צוריק אַהיים—אַ בזיון! קיינער איז ניט געקומען נאָך לעקיך, דעם פּארוק וועט מען אויך מוזען פֿיהרען צוריק אָדער אַרויסוואַרפֿען, משה'לע האט געזאָגט, אַז מען דאַרף ניט, עס פּאַסט ניט. די זילבערנע לייכטער האָט די כלה ביי איהר צונענומען מיט אַ פֿערשעמט פּנים, ווי גלייך ניטעל האָט זי מיט עפּיס פֿערשעמט און די ווייבער און מיידליך, וואָס זענען געשטאַנען דערביי, האָבען געשמייכעלט: רעגינען האָט מען געשענקט לייכטער אויף ליכט בענשען... חאַ, חאַ!...—

די חתן־כלה מיט זייערע עלטערן זענען אריינגעקומען אין צימער פֿרעגען, ווי זי פֿיהלט זיך און האָבען צושטערט איהרע געדאַנקען.

— מיר ווּעלען פֿאָהרען אַהיים, דער עולם צוגעהט זיך שוין, האָבען זיי געזאָגט.

— שוין נאָך דער התונה, האָבען זיי גיטלען געזאָגט, אַלעס געהט גיך איבער אין לעבען.

גיטעל האָט זיך ווידער דערמאָנט, אַז ביי אברהם'לען האָט מען נאָך דער חופּה געהוליעט די גאַנצע וואָך ביז איבער דעם צווייטען פֿרעהליכען שבת, ווען מען האָט די כלה, די נייע שנור, געפֿיהרט אין שוהל אַריין. —

*

אויף מאָרגען אוים חתונה. און גיטעל איז צוריק אַוועקגעפֿאָהרען אַהיים, טרויעריג און דערשלאָגען, ווי מען געהט צוריק פֿון בית־הקברות, וואו מען האָט דאָרט בעגראָבען דאָס ליעבסטע קינד, אַ שטיק האַרץ, אַ שטיק לעבען אין דער ערד אריינגעלעגט...

פֿאָהרענדיג שוין אין וואַגאָן, האָט זי אין איהרע טרויריגע געדאַנקען זיך געטרייסט מיט דעם:

— גוט חאָטש, וואָס ביילע מיט זלאַטקען, אברהם און יוסל זענע ניט געפֿאָהרען אויף דער חתונה, וועט האָטש דער בזיון זיין ווינציגער, ווענינער לייטיש געלעכטער, קיינער וועט חאָטש ניט וויסען פֿון דעם גרויסען וועהטאָג, וואָס איך טראָג אין האַרצען...

גיטעל איז געקומען אַהיים שוואַרץ ווי די ערד.

ווען זי איז געפֿאָהרען אויף די חתונה האָט זי אויסגעזעהן יונגער אויף צוואנציג יאָהר און צוריק פֿון דער חתונה—עלטער אויף צוואנציג יאָהר.

---

## דריי חופּות

### צוויי רויטע איינע אַ שוואַרצע.

### אכטעס קאַפּיטעל.

אין דער הייל, די ווייסע טויב, דער שוואַרצער אָדלער, צוריק בגדי מלכות, דער קאַרליק אליין, פֿאַרגעשטעלט... דער קאַרליק גרייט צום טיש און דערצעהלט ווער ער איז.

אַז די הייל האָט זיך פֿערשלאָסען איבער שלמה המלך און זיין טאָכטער די בת מלכּה, זענען זיי ביידע געבליבען פֿערבליפֿט און פֿערבלענדט, נישט ווענינער ווי די גזלנים אין דער הייך.

אינ'ם רויטען, גאָלדענעם ליכט, וואָס פֿלאַמט פֿון אַלע ווענד פֿון דער הייל און אַלע איהרע נישען, צוקען און שלענגלען זיך ווייסע, בליצענדיגע שטראַהלען — דאָס קומט פֿון די אַלערליי טהייערע שטיינער, מיט וועלכע דאָס גאָלד, וואָס ליגט אַרום די ווענד, איז דורכגעזייעט.

און שלמה און שולמית שטעהען פֿערבליפֿט און בעמערקען אפילו נישט זייער אַלטע בעקאַנטע, די ווייסע טויב, וואָס איז אַנגעפֿלויגען און פֿליהט איבער זיי מיט אַ פֿרעהליך וואָרקען איבער די קעפּ.

נידרינער לאָזט זיך אַראָב די טויב, פֿליהט זיי פֿאַר די אויגען און זאָגט מיט אַ מענשליכער שטימע:

— שרעקט אייך נישט! איהר האָט — זאָגט זי — מיין עצה געפֿאָלגט און עס וועט אייך אויסגעהען צום גוטען.

— דערווייל — זאָגט זי ווייטער, זעהענדיג, אַז שלמה און שולמית קענען נאָך פֿאַר פֿערוואונדערונג נישט ענטפֿערן — דערווייל זענט איהר אין דער הייל ביים קאַרליק געשיצט; אין קורצען וועט איהר אויסגעלייזט ווערען און גליקליך זיין.

שלמה שאָקעלט טרויריג מיט'ן קאָפּ און די בת מלכה האָפּט זיך אַרויס מיט אַ זיפֿ'ץ:

— ניין, גוטע ווייסע טויב! פֿאַר מיר איז שוין קיין גליק נישט פֿאַרהאַנען!

— האָף און גלויב! — ענטפֿערט די טויב — אין אַ קליין פֿענסטעריל ביי דער גרעניץ פֿון וואונדערלאַנד שפּינט און וועבט זיך דיין גליק.

— ניין, ניין! — האָט אויסגעשריען שולמית.

— האָף און גלויב! — זאָגט ווייטער די טויב — דורך דיין גליק וועט אויף שלמה דעם זיבענאונצוואַנציגסטענס גראַהען קאָפּ קיין איינציגע האָהר נישט געקרומט ווערען!

— צי איז מעגליך... דער קוקו... די כשוף־מאכערין... אַלע האָבען געזאָגט... שטאַמעלט שולמית.

— איך בין דער קוקו, איך בין די טויב, איך בין די כשוף־מאַכערין און איך זאָג עס דיר!

און אַזוי רעדענדיג, איז פֿון דער טויב געוואָרען אַ קוקו, פֿון קוקו — צוריק אַ טויב, פֿון דער טויב — די כשוף־מאַכערין, וועלכע מיר קענען פֿון וואַלד אונטער גלויבשטיין, און פֿון דער כשוף־מאַכערין איז נאָך אַ מאָל צוריק אַ ווייסע טויב געוואָרען.

— גאָטס וואונדער! שרייט אויס שולמית דערפֿרעהט...

— צי איז עס כשוף אָדער גאָטס האַנד? פֿרעגט שלמה.

— כשוף איז אויך אַ גאָט־זאַך, — ענטפֿערט מיט אַ שמייכעל ד טויב, נאָר אַצונד האָבען מיר קיין צייט דערפֿון צו רעדען, באַלד וועט אַנקומען דער קאַרליק און איהר מוזט אייך פֿריהער איבערטהון.

שלמה און שולמית בלייבען ווייטער פֿערוואונדערט, וואו וועלען זיי נעהמען זיך איבערצוטהון? זיי קוקען זיך אום און זעהען אין ערגיין קיין צייכען פֿון קיין קליידער. נאָר אין דערזעלבער סעקונדע איז געקומען אַנגעפֿלויגען אין דער הייל אַריין אַ שוואַרצער, ברייט און גרוים פֿליגעלדיגער אָדלער און האָט זיי געוואָרפֿען צו די פֿיס אַ היבש גרוים בינטעל. אַראָבפֿאַלענדיג האָט זיך דאָס בינטעל אַליין געעפֿענט, און שלמה און שולמית זענען נאָך מעהר פֿערגאַפֿט געבליבען; זיי האָבען דערקענט די קליידער, די בגדי־מלכות, וואָס זיי האָבען, פֿאַר'ן פֿערשטעלען זיך אין שמאַטע־קליידער, איבערגעלאָזט אין גלויבשטיינער פּאַלאַץ.

— איילט, — וואָהרענט זיי די טויב, — ווייל איך הער שוי דעם קאַרליקס טריט, זאָל ער אייך שוין אין אייערע אייגענע קליידער געפֿינען... איך פֿליה נאָך עסען פֿאַר אייך.

די ווייסע טויב איז אַרויסגעפֿלויגען פֿון הייל און, אינ'ם אַריינגאַנג צו אַ נישע, האָט זיך בעוויזען דער קאַרליק.

קליין, שרעקליך קליין איז ער געוועזען, נאָר גרוים איז געוועזען זיין לאַנגע זילבערנע באָרד; איהרע שפּיצען האָט ער געמוזט האַלטען פֿאַר זיך אין דער האַנד, זיי זאָלען איהם נישט פֿאַלען אונטער די טריט.

גרויס זענען אויך געוועזן זיינע צוויי בלאָהע, טיעפֿע אויגען, מיט וועלכע ער האָט אויף שלמה און שולמית געקוקט.

— בָּרוּךְ הַבָּא! — בעגריסט ער זיי, מיט אַ זיסער שטימע — ברוך הבא, שלמה דער זיבענאונצוואַנציגסטער, דער מֶלֶךְ פֿון וואונדער־לאַנד, אין וועלכען משיח שלאָפֿט און וועט אין קורצען אויפֿוואַכען און אויסלייזען די וועלט... ברוך הבא שולמית! איבער איהר קאָפּ, זעה איך, צינדט זיך אָן אַ גילדענער שטערן — עס הויבט אָן לייכטען איהר גליק!

און ער גיט אַ פּאַטש מיט די קליינע הענד, נישט אַרויסלאָזענדיג פֿון זיי די שפּיצען פֿון דער באָרד, און פֿון דער לופֿט לאָזען זיך אַראָב דריי גאָלדענע שטיהלען.

ער בעט זיי זיצען און אַלע דריי זעצען זיך.

ער גיט נאָך אַ פּאַטש מיט די הענד און עס בעווייזען זיך פֿיער לייבען; זיי געהען לאַנגזאַם און טראָגען אויף די קעפּ איין אָניקסינעם בלאַט פֿון אַ טיש מיט פֿערציהרונג פֿון מוטער־פּערל בעשלאָגען, מיט קריסטאַלען געשיר בעשטעלט; די לייבען שטעלען זיך אין מיט'ן דער הייל, צווישען די דריי גאָלדענע שטיהלען.

— שלאָפֿט איין — קאָמאַנדירט דער קאַרליק צו די לייבען, — און זיי זעצען זיך אויף די אונטערשטע פֿיס, ציהען איין די צונגען, פֿער־מאַכען די אויגען און בלייבען פֿערשטאַרט, ווי לייבען אויס קופּער אָדער בראָנז.

און דער קאַרליק ווענדט זיך צו שלמה און שולמית.

— דער טיש — זאָגט ער — איז גרייט געדעקט, — נאָר דאָס עסען מוז מען ברענגען פֿון דער הייך, פֿון אויבען, מיר האָבען דאָ קיין שוֹחֲטִים נישט — און איידער עס וועט קומען וועל איך אייך בעקע־נען. — כְּדֵי איהר זאָלט קענען אויסגעלייזט ווערען און אַנדערע מיט אייך, מוזט איהר צו מיר האָבען צוטרויען, מוזט איהר מיר גלויבען...

— איך גלויב! האָט זיך אויסגעריסען פֿון שולמית'ס האַרץ.

— עס שיינט שוין איבער דיר דער גליקליכער שטערן, דו האָסט שוין זיינע שטראַהלען אין האַרץ, נאָר קענען מוזט איהר מיך געהנטער... מיר האָבען אַ סך בְּשׁוּתְּפוּת צו טהון!

— פֿערצייל, זאָגט שלמה — איך וויים דיך אפילו נישט ווי אַזוי צו רופֿען.

— ווי איהר זעהט, — הויבט אָן דער קאַרליק צו דערצעהלען— לעב איך אין אַ הייל ווי אַלע קאַרליקים, קלויב גאָלד, זילבער און טהייערע שטיינער גלייך מיט זיי, מיט'ן אויסזעהען בין איך געוויס אַ קאַרליק, און דאָך בין איך פֿון קיין קאַרליק נישט געבוירען... איך בין אַ מאָל איין איינפֿאַכער מענש געווע', איבער דער ערד געלעבט, ווייב און קינדער געהאַט... וויפֿיעל? געדענק איך נישט...

— שוין אַזוי לאַנג? פֿרעגט שלמה פֿערוואונדערט.

— אַ יאָהר זעקסהונדערט! ענפֿערט דער קאַרליק.

— געוועזען — דערצעהלט ער ווייטער — איז עס אין באַגדאַד... און אַ קליין מענשיל בין איך געוועזן! אַ שמש, איין אָרימער שמש, אין איין אָרימער שיהל, אין איין אָרימער אונטערגאַס.

און אין דער איינענער שטאָדט באַגדאַד האָט געלעבט אַ יוד אַ גְּבִיר, אַ תַּקִּיף, אַ קָרוֹב לְמַלְכוּת, און אַ כֹּהֵן, וואָס האָט איין אויג גע־וואָרפֿען אויף אַ גְרוּשָׁה, און געוואָלט, אַז דַוְקָא דער רַב הַכּוֹלֵל, וואָס איז דעמאָלט געווען, זאָל איהם געבען חוּפָּה וְקִדּוּשִׁין, און, אַז דער רב האָט נישט געוואָלט, האָט ער איהם פֿאַלש געמסר'ט, און דאָס מלכות האָט איהם אַרויסגעטריבען פֿון שטאָדט, פֿון לאַנד, און דער גביר האָט געלאָזט אויסרופֿען, אַז וועלכער לַמְדָן עס וועט זיך געפֿינען אַ הֶיתֵּר און געבען איהם חופה וקדושין, דעם וועט ער מאַכען מיט זיין תקיפות פֿאַר רב הכולל אין באַגדאַד, די בַּעֲלֵי בָּתִּים האָבען געשוויגען; אַלע האָבען מורא געהאַט פֿאַר'ן גביר.

קיין איינציגער רב פֿון גאַנצען לאַנד האָט נישט געוואָלט נעהמען אויף זיך אַזאַ חֵטְא; קיין איינציינער דַיָּן האָט זיך אונטערשטעלט עס צו טהון. ער האָט זיך געווענדט צו למדנים, צו מלמדים — קיינער האָט ניט בעשטאַנען, ער איז אַראָבגעפֿאַלען צו שַׁמָּשִׁים פֿון שוהלען און בָּתֵּי־מִדְרָשִׁים, נאָר קיין איינציגער שמש, וואָס האָט ווי עס איז נור פַּרְנָסָה געהאַט, האָט זיין נשמה נישט געוואָלט פֿערקויפֿען — ביז ער איז אָנ־געקומען צו מיר!

און ביי מיר האָט ער געטראָפֿען.

איך בין זעהר אָרים געוועזען; אַ קראַנק ווייב און קרענקליכע קינדער געהאַט...

און דאָס קראַנקע ווייב מיינס האָט מיך צוגערעדט, פֿון וועגן אַראָבגעפֿיהרט, און אַ פֿאַלשען היתר האָב איך מיר געפֿונען, מען האָט אויף דעם גביר'ס מוטער גערעדט, סוֹף כל סוֹף איז ער קיין זיכערער כהן נישט געוועזען... און איך האָב געגעבען חופה וקדושין, און ביים גביר אין טאַש איז שוין געלעגען אַ כְּתַב רַבָּנוּת פֿאַר מיר... אַ כתב רבנות גע־חתמ'ט פֿון אַלע בעלי בתים, וואָס זענען אַבהענגיג געוועזען פֿון גביר...

עס איז אַ גאָלד געשטיקטע חופה געוועזען און אַרום האָבען הונ־דערטער הבדלות געלייכט, שטאַרקאַצען געפֿלאַמט ...און געבליצט האָבען אַרום און אַרום די רייכע גבירישע קליידער, מיט גאָלד בענייטע, מיט טהייערע שטיינער בעהאַנגענע... עס האָט געבלענדט!

אונטען איז ליכטיג געוועזען, זעהר ליכטיג; אָבער אויבען— אויפֿ'ן הימעל איז געווען פֿינסטער... אַ פֿינסטערער הימעל, אָהן לבנה, אָהן שטערן, און פֿון פֿינסטערן הימעל איז פּלוצלינג אַראָב גאָטס פֿיי־ערדיגער צאָרן... עס האָט אָנגעהויבען שטורמען, עס איז מיט אַ מאָל אַ ווילדער שלאַנגס־רעגען געפֿאַלען, איין דונער האָט געיאָגט דעם צווייטען ווי ברענענדיגע שלאַנגען זענען בליצען געפֿלויגען — הימעל און ערד האָבען געציטערט.

און פּלוצלינג האָט זיך פֿון די אונטערפֿיהרערס העגט די חופה אויסגעריסען און האָט זיך אויפֿגעהויבען ווי אַ שירם אויפֿ'ן ווינד... מיט שרעקליכע געשרייען זענען זיך די געסט צולאָפֿען, נאָכגעיאָגט פֿון דונער און בליץ, געפּאַטשט פֿון דעם גאָס־רעגען!

מיך איינעם האָט אַ דונער געטראָפֿען...

און אויף יענער וועלט האָט מען אַזאַ פּסק אַרויסגעגעבען:

ווייל איך האָב געוואָלט זיין גרויס, אַזוי גרויס, זאָל איך ווערען קלענער ווי קליין, מגולגל ווערען אין אַ גוף פֿון אַ קאַרליק און לעבען גלייך מיט זיי, אונטער דער ערד...

און ווייל איך האָב געוואָלט רייך ווערען, גאָלד און זילבער האָ־בען, זאָל איך הונדערטער יאָהרען זאַמלען גאָלד, זילבער און טהייערע שטיינער נישט פֿאַר זיך! נאָר פֿאַר דעם, אָדער פֿאַר דער, וואָס וועט עס ווערט זיין.

דערביי האָט ער זיין בליק געוואָרפֿען אויף שולמית.

זי האָט עס אָבער נישט בעמערקט.

— שרעקליך! האָט זי אויסגערופֿען פֿול מיט רחמנות.

— גאָט'ס גענאָד איז דאָך גרויס! ענטפֿערט דער קאַרליק, איך וועל אויסגעלייזט ווערען גלייך מיט אייך... און דאָס וועט אַזוי זיין.

נאָר עס האָט זיך איבערגעהאַקט.

אַ שטיל רוישען האָט זיך דערהערט אין דער הייל.

— די טויב קומט. זאָגט דער קאַרליק, די רעשט וועלען מיר איבערשמועסען נאָכ'ן עסען.

ל. פּרץ.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Kraka

יצא לאור ונשלה להחותמים

## Nr. 27 „הדור"

וזה תכן ענייניו:

| | |
|---|---|
| רוחות מנשבות. | אליהו חיים רהלין. |
| בארצות המערב. כד. | ש. ב"ד. |
| ברוסיה. | A. |
| במכתבי העתים. | D. |
| השקפה על דברי המדינות. | |
| מאורעות ומעשים. | |
| אנשים וספרים: פרידריך ניעטצשע. י. | ש. צ. זעצער. |
| מאיר איש שלום. | שאול הורוויץ. |
| * * * (שיר). | יעקב פיכמאנן. |
| זמירות ממעון הקיץ (רשימות). | מרדכי בן הלל הכהן |
| ספר הקבצנים. ספור המעשה. ד. | מענדעלי מוכר ספרים. |

תנאי החתימה: באוסטריה־אונגריה: לשנה 14 קראָנען לחצי שנה 7 קראָנען, לרבע שנה 3,50 קראָנען. ברוסיה: לשנה 6 רו"כ, לחצי שנה 3 רו"כ, לרבע שנה 1,50. באשכנז לשנה 12 מארק, באנגליה לשנה 12 שילינג. בשאר ארצות לשנה 17 פרנק. בארץ ישראל לשנה 15 פראַנק.

Издательство „АХIАСАФЪ", Варава.

---

**I. КЛАУСНЕРЪ.**

## ДУХОВНЫЙ СIОНИЗМ

### и его главный предетавитель.

Опытъ обстоятельнаго изложенiя и характеристики сiонистсткой доктрины „Ахадъ-Гаама".

**Цѣна 40 коп.,** съ перес. 46 коп. Сiонистскимъ кружкамъ значительная уступка.

Продается въ книжномъ магазинѣ Издательства „Ахiасафъ", Варшава.

---

יצא לאור מחדש

## סביב הארץ בשמונים יום

ספור נחמד

מאת זול ביֶרן (Jule Verne)

סגנון הסופר זול ביֶרן כבר נודע לרבים, כי מלמד הוא פרקים שלמים בחכמת הטבע בארח ספור נעים. הס' הזה כולל ספור מסע סביב הארץ בשמונים יום, ונעתק עברית צחה בידי סופר מצוין.

מחירו 40 קאפ. עם פורטא 50 קאפ.

נמצא למכירה בבית מסחר הספרים של חברת אחיאסף, וו רשא

**Издательство „Ахiасафъ" Варшава.**

---



**Оптическiй и хирургическiй складъ**

И. ПИКЪ

Налевки 35, въ Варшавѣ.



עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען ברוכבענדער עלעקטרא-יאלוואנישע וועלכע היילען גרינדליך דעם שווערסטען ברוך, לייבבענדער, בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע זאָקען פיר געשוואָלענע פיס, ברילען מיט וועגעציאנישע גלעזער וועלכע די אייגענשאפט בעזיצען די אויגען צו שטערקען, אויך פערשיעדענע כירורגישע און אפטישע געגענשטענדע פיר קראנקע, ברוכבענדער ווערדען צוגעפאסט דורך אייגען ספעציאליסטען.

---

## !!! ВНИМАНIЮ ДАМЪ !!!

**Контора модныхъ журналовъ и выкроекъ**

Подписка, продажа и высылка отдѣльн. нумерами всевозможныхъ заграничныхъ модныхъ журналовъ. Каталоги по требованiю.

Я. А. Пожарикъ Варшава, Долгая 37.

---

## נייעס! נייעס!



ברוכבענדער עלעקטרא־גאלוואנישע היילען גרינדליך נאך קורצען געברויך, ווי עס איז איבערצייגט געוואָרען, אז נאך 3 מאָנאטליכען טראגען, ווירד דער ברוך פאָללשטענדיג אויסגעהיילט. פרייז פאָן איינער זייטע 6 רובל, צווייזייטיג 10 רובל. בויכבינדען פיר פרויען, עלאסטישע זאקען פיר געשוואָלענע פיס, אונד פערשיעדענע אנדערע כירורגישע ארטיקלען — צו בעקומען נור ביים אפטישען-כירורגישען געשעפט אונטער דער פירמא: אלעקסאנדער סענאטארסקא 22 ווארשוי.

אדרעססע:

„АЛЕКСАНДРЪ"

Сенаторская ул. № 22, Варшава.

דא עס האט זיך געצייגט דאס מען מאכט נאך דיזע ברוכבענדער ביטען מיר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אָריגינעלע מיט'ן סטעמפעל פאָן אונזער פירמע.

---

## ספורי מענדעלי מוכר ספרים

### יצאו לאור

בהוצאה חדשה, מוגהים ומתוקנים בידי המחבר.

א) בסתר רעם. ב) לא נחת ביעקב. ג) שם ויפת בעגלה. ד) בימי הרעש. ה) בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה. ו) הנשרפים. ז) בימים ההם.

מחיר הספר (עמודים VIII+222) א' רו"כ, בנ"נ 1.17 רו"כ.

כתובת המו"ל:

**I. Х. Равницкому, Одесса. | J. Ch. Rawnizky, Odessa.**

## Открыта полугодовая подписка

## съ 1 іюля по 31 декабря 1901 г.

на еженедѣльную газету

# „БУДУЩНОСТЬ“.

„Будущность" независимый органъ русскихъ евреевъ, стремящійся къ культурному возрожденію и подъему самосознанія еврейской массы. Девизъ ея — народность и просвѣщеніе.

Программа „Будущности“: **I. Статьи по бытовымъ вопросамъ** о юридич., экономич. и культурномъ бытѣ евреевъ. **II. Еврейская лѣтопись: А. Въ Россіи:** 1) Правительственныя распоряженія. Дѣйствія губернскихъ властей; городскихъ и сословныхъ учрежденій. 2) Сенатскія разъясненія законовъ о евреяхъ (въ соотвѣтствующихъ случаяхъ съ изложеніемъ исторіи даннаго вопроса). 3) Обзоръ текущихъ событій еврейской жизни. 4) Письма корреспондентовъ „Будущности". 5) Обзоръ періодической печати о евреяхъ. Б. Заграницей. Иностранное обозрѣніе. Палестинская хроника. **III. Научный отдѣлъ.** Статьи по исторіи евреевъ и еврейской литературы, по іудейской этикѣ и религіозной философіи.— Новости еврейской археологіи и друг. отраслей науки о еврействѣ. **IV. Литературный отдѣлъ.** Повѣсти и разсказы изъ еврейской жизни. Стихотворенія. Художественныя замѣтки. Еврейское народное творчество (легенды, сказки, пѣсни). Критика и рецензіи новыхъ книгъ. Фельетонъ.

„Будущность“ выходитъ еженедѣльно въ размѣрѣ $2^1/_2$ лист Ежегод сборникъ выходитъ въ октябрѣ, въ объемѣ не менѣе 20 печ. лист.

*Подписная Цѣна:*

**На 1 годъ** (съ приложеніемъ ежегоднаго Сборника)—**7 руб**, на ½ года — **4 руб.**, на 3 мѣсяца — **2 руб.** Ежегодное приложеніе предназначается только для годовыхъ подписчиковъ.

**Новые подписчики съ 1 іюля,** желающіе получить Сборникъ за 1901 г. платятъ **4 р. 50 к.**

Присылающіе въ Главную Контору **5 р.** получаютъ кромѣ того Сборникъ „Будущности“ т. I за 1900 г.

Оставшіеся въ небольшомъ количествѣ комплекты „Будущности“ за 1900-ый годъ (№№ 1 — 52) продаются въ Конторѣ редакціи по 5 р, (съ перес. 5 руб. 50 к.), **для новыхъ подписчиковъ съ перес. 4 р. 50 к.**

---

## Въ Конторѣ Редакціи имѣется въ продажѣ

## Научно-Литерат. сборникъ „Будущности“

## за 1900 г.

(Большой томъ въ 408 стр. текста).

Содержаніе:

I. Религія и политика въ исторіи древнихъ евреевъ Д-ра **Л. С. Каценельсона.**—II. Кумиры. Сказка въ стихахъ. **С. Г. Фруга.**—III. Ошибка. Разсказъ **М. Д. Рывкина.**—IV. Изъ практики примѣненія правилъ 3 мая 1882 г. **М. И. Мыша.**—V. „Записка“ Державина, какъ общественно-историческій памятникъ. **Ю. И. Гессена.**— VI. Стансы. **Х. Б Зингера.**— VII. Враги талмуда. **Н. А. Переферковича**—VIII. Диночка пріѣхала. Разсказъ. **Мих. Брянскаго.** — IX. Наши предки на Литвѣ. Историческій очеркъ **М. Н. Крейнина.**— X. Панская забава. Быль. Стихотв **А. Ф. Панова.**— XI. Евреи въ Польшѣ и Бѣлоруссіи въ XVI и XVII ст. По даннымъ изъ раввинскихъ респонсъ **С. М. Лившица.**— XII. Птицы перелетныя. Сказка для еврейск. дѣтей. **Бенъ-Ами.**— XIII. Изъ прошлаго и настоящаго евреевъ въ Азіи. Барона **Н. Н. фонъ-деръ Ховена** — XIV. Осенніе цвѣты. Стихотв. **С. Г. Фруга.**— XV. Старыя и новыя свѣдѣнія о евреяхъ въ Абиссиніи. **И. Ю. Маркона.**—XVI. Безъ радости. Разсказъ **Менделе Мохеръ-Сфоримъ.** (**С. Абрамовича**). Пер. съ евр. XVII. Евреи въ Южной Африкѣ. Изъ записокъ эмигранта. J.— XVIII. М. Оппенгеймъ, національный еврейскій художникъ. **М. С. Іоффе.**—XIX. Среди чужихъ. Романъ. **Макса Віола.** (Пер. съ нѣмецкаго).—XX. С. Д Луццато. **С. М. Станиславскаго.**— XXI. Литературно-критическія замѣтки (Беллетрическіе сборники „Еврейскіе силуэты“ и „Въ духотѣ“). **О. О. Грузенберга.**—XXII. Еврейская литература за послѣдній годъ. **Як. Б. Каценельсона.** XXIII. Объявленія.

**Цѣна 1 р. 75 к., съ перес. 2 руб.**

Адресъ редакціи и главной конторы:

**С. Петербургъ, Пушкинская 7.**

**Редакторъ-издатель: Д-ръ С. О. Грузенбергъ.**

# פערלאג „בילדונג“

גיט ארויס א סעריע פון 24 ביכער: נאטורוויסענשאפט-ליכע און בעלעטריסטישע.

אבאנאמענטס-פרייז פיר אלע 24 ביכער 4 ר' מיט פארטא

דער פרייז קען איינגעצאהלט ווערען אין 4 ראטעס: ביי'ן אבאנירען — 1 רובל, ביי'ן פיערטען ביכעל — 1 רובעל, ביי'ן 7-טען ביכעל 1 רוב. ביי'ן צעהנטען ביכעל — דעם לעצטען פיערטען רובעל.

ניט פיר אבאנענטען וועט קאסטען יעדעס איינצענע ביכעל פון 25 ביז 30 קאפ. אהן פארטא.

☛ אגענטען און בוכהענדלער בעקומען ראבאט ☚

עס איז פערטיג פון דרוק און ווערט צושיקט די אבאנענטען:

1) דער זיידע „צייט“ אדער די ענטוויקלונג פון דער וועלט, פון דער ערד און פון אלץ וואס עס לעבט אויף דער ערד, נאך רובאקין.

עס דרוקען זיך און וועלען צושיקט ווערען די אבאנענטען, ווי עס וועט נור ארויס פון דרוק:

2) אברהם לינקאלן דער בעפרייער פון די שלקאווען. ביאגראפיע.

3) די פראנצויזען, זייער לעבען, זיטען, מנהגים א. ד. ג. נאך וואדאוואזאווא.

4) פיזישע געאגראפיע, נאך פראפעסאר גייקי.

5) א מעשה אהן איין עק, פון שלום-עליכם.

6) פאליטישע עקאנאמיע, נאך באגדאנאוו.

7) יום-כפור, און דראבקין (ערצעהלונגען) פון ד. פינסקי.

8) דייטשען, זייער לעבען, זיטען מנהגים, א. ד. ג. נאך וואדאר-וואזאווא.

9) א. רייזען ליעדער.

עס פערפערטיגט זיך צום דרוק און וועט ערשיינען ענדע זומער, א ליטערארישער פראספעקט „דאס ווארט“, וועלכער וועט זיין רייך אין פובליציסטישע, וויסענשאפטליכע, קריטישע און בעלעטריסטישע ארטיקלען. —

צום פראספעקט ווערען נאך אנגענומען אנאנסען.

אנמערקונג. די לעצטע צייט וואקסט אלץ מעהר און מעהר די בעדערפנישען אין פאלקס-ביבליאטהעק, דאס עפענען אבער די זעלבע פאדערט געוויסע געניטקייט, וואס ניט יעדער גרינדער בעזיצט עס, — אלזא נעהמט זיך אונטער דער פערלאג „בילדונג“, וועלכער שטרעבט צו פערשפרייטען וויסענשאפט צווישען פאלק, אנצווייזען אלערליי מיטלען און עצות, וואס נור אנבעטריפט צום גרינדען א ביבליאטעק, אויך ארויסצושיקען אלע ביכער, וועלכע יעדע פאלקס-ביבליאטעק דארף האבען. אויף אנטווארט — א מארקע.

אדרעס:

Книгоиздательство „Билдунгъ“, Бѣлостокъ.

**Verlag „BILDUNG“ Bialystok.**

---

# וויכטיג פאר ציוניסטען!

זאעבען ערשיענען א נייעס בוך מיט דעם נאמען

# וואס ווילען די ציוניסטען?

פון יחזקאל ווארטסמאן, סטודענט פילאזאפיע.

יעדער ווער עס וויל וויסען דעם אינהאלט פון ציוניזמוס, זיין ציעל און זיין בעשטרעבונג, ווי אויך זיינע אויסזיכטען אויסגעפיהרט צו ווערען, ווער עס וויל האבען איין ריכטיגען און טיעפען איבערזיכט אויף דיא ציוניסטישע בעוועגונג, אויף די געשיכטע פון זיין ענטוויקעלונג ביז יעצט און אויך איין איבערבליק איבער אלע 4 קאנגרעסען, וועט דאס אלעס געפינען אין דעם דאזיגען בוך.

פרייז אין רוסלאנד 50 קאפ', אין עסטרייך 60 קר', אין אמעריקא 25 סענט, אין ענגלאנד 1 שילינג.

הויפט פערקויף אין רוסלאנד ביי:

פערלאג „אחיאסף“ ווארשא. און פערלאג „תושיה“ ווארשא.

אין ענגלאנד ביי דעם פערלעגער:

Rafael Mazin Bockseller London, N E. 100 old Montague Str.